מ. ליטוואַקאָוו

# פינף יאָר מלוכישער אידישער קאַמער-טעאַטער

(1924—1919)

פאַרלאַג „שול און בוך", מאָסקווע 1924

PRINTED in U.S.S.R.



**א. מ. גראנאווסקי**

באשעפער אין אנפירער כו:ם טעאטער.

I.

# טעאַטער און רעוואָלוציע

אין שטילע עפּאָכן לעבן אַלע קונסטן, די טעאַטער-קונסט אויך ביכלאַל, אַ שטיל לעבן. זיי קאכן דאן איבער און פארוואנדלען אין פאַקטן פון אלטעגלעכקייט די דערגרייכונגען פון דער פארגאנגענער שטורעם-און-דראנג-עפּאָכע. זיי דריקן אויס די טעמפּן און ריטמען פון דער אנגעקומענער אינערציע. אבער רעוואָלוציאָנערע עפּאָכן, וואָס שטירצן אום אלע פאַריקע יעסוידעס פון לעבן, טרייסלען אויך אויף אלע מינים קונסט. און וועלכע קונסט איז נאָך אזוי פילבאר צו געזעלשאפט-לעכע אויפטרייסלונגען, ווי די טעאַטער-קונסט? טעאטער איז דאך די סאַמע סאָציאַלע פון די קונסטן, דער טעאַטער לעבט נאָר באַ אוילאם, באַ פובליקום, און דערביי איז ניט בלויז דער אקטיאר, לאמיר זאָגן, שטעקט אן דעם צושויער-זאל, נאר אויך דער צושויער-זאַל ווירקט מעכ-טיק אויף אפן אקטיאר, אפן ספּעקטאקל אין גאנצן גענומען.

וואָס איז די סיבע, וואָס אין מאָסקווע, אין דעמדאזיקן צענטר פון וועלט-רעוואָלוציע, פילט זיך אַזאַ אומבאשרייבלעכער טעאטראלער כאאס, אן עמעסער אוילאם-האטויע, אַ טומלדיקער הוהאַ? קעסיידערדיקע צעשמעטערונג פון אלטע טעאַטער-יעסוידעס און פיינלעכע זוכענישן פון נייע יעסוידעס, פיבערדיקע אומשטירצונג פון פריערדיקע געטער און ווילדער געיעג נאָך נייע געצן. פון וואנען נעמט זיך דאָס?

ווען די זאַך וואלט געבליבן אפן באראָט פון דער בארימטער קאסטע קונסט-קויהאנים, וואלט אלץ פארבליבן ווי געוועזן, אן ענדערונ-גען אפן פראנט. ווייל ס'איז ניט פאראן קיין מער פארשימלטער, אר-

גאַניש קאָנסערוואַטיווער שיכט, ווי דערדאָזיקער שיכט אין זיך פאַרליבטע דאַלאַי-לאַמעס. דער צושויער איז אָבער אַן אַנדערער געוואָרן. דער צו-שויער, דאָס פּובליקום — אָן אונטערשייד פון קלאַסן און גרופּן, — וואָס איז אַרויס פון אונטערן פּרעס פון דער גרויסער אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע און וואָס געפינט זיך אַדהאָיאַם אונטערן דראַנג פון דער אַר-בעטער-רעוואָלוציע, — האַקלאַל, דאָס פּובליקום פון דער עפּאָכע אָקטיאַבער-רעוואָלוציע און קאָמינטערן פאַרבאָרגט אין זיין נעשאָמע, באַוואוסט אָדער אומבאַוואוסט פאַר זיך אַליין, עפּעס אַזוינע פּולווער-קעלערן פון שטורעם-אַליאַרמען און אימפּעטפּולן אומרו. עס קריכן דעם ניט אין קאָפּ קיין באַלעבאַטישע אידיליעס לויטן נוסאַך פון „די גריל אַפן אויוון“, און שטילן זיין פייערשטורעמדיקע בענקשאַפט איז ניט אימשטאַנד דאָס נודנע אָכצן פון פאַרעוואָלוציאָנערע באַלעבעסלעך אין פאַרשיידענע „קאַרשן-גערטנער“.

אָבער ניט בלויז אין היניזיכט פון אינהאַלט פון דער טעאַטראַלער שוישפּיל האָט זיך דאָ באַקומען אַ פּאָר אַלעמען אומגעריכטער באַנקראָט. נאָר אויך אין היניזיכט פון פאָרם. אָט דאָס פויזנדיקע רעאַליסטישע שיל-דערן דעם דערעסענעם שטייגער, אָט די אַלטפּרענקישע טרייהייט צו פאַרגעסענע דעטאַלן, — דאָס אַלץ שמעקט מיט מוזיי פון אַלטערטימער און ניט מיט שפּראַצנדיקער קונסט פון צאַפּלדיקער היינטוועלטישקייט. נאַטירלעך, אַף וויפל אין אַזאַ טעאַטער פילט זיך קרעפּטיקע מאַיסטער-שאַפט, זאָל זיין אַפילע פון אַלטן שניט, קוקט מען דעם ספּעקטאַקל אַפילע מיט געוויסן פאַרגעניגן: ליבער, הייסט עס, אַמאָל, און יענע סאָ-ציאַלע גרופּן, וואָס זוכן אַף אַלערליי אויפאַנים אַזעלכע מיקלאַטים, וואוהין עס זאָל ניט דערגיין דאָס קנאַלן פון דער אימפּעטפּולער רע-וואָלוציע, גיבן אַפילע אָפּ די בכוירע אַזעלכע טעאַטערן.

אָבער די קונסט הערט דאָ אַבסאָלוט אויף צו זיין אַ באַוועגנדער פאַקטאָר פון קולטור-אַנטוויקלונג פון די מאַסן, זי ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ קראַם פון „דערהויבענעם שווינדל“ (לויט פּושקינס אויסדרוק), וואָס פאַר אַנדערע איז דאָס טייערער איידער אַ „שלאַל וואָכעדיקע עמעסן“.

אנדערע טעאַטערן, טעאטערן פון הײַנטיקן טאָג, װעלכע שטרעבן צו גײן אין אײן טראָט מיט דער רעװאָלוציע און באטראכטן זיך ניט מער װי אן אפשניט פון איר גראנדיעזן פראָנט, שטרעבן דאפקע צו אנטפלעקן אט דעם „שלאל װאכעדיקע עמעסן". זײ צילן אויפצורײסן אין דער געשאמע פונם צושויער די פארלײגטע אין איר פולװער-קע-לערס פון אומרו, זײ הויבן אים אויף מיט גװאלד אף כװאליעס פון אימפעטפולע טעמפן, שפרינגנדיקע ריטמען, בלענדנדע פארבן און שװינדל-דיקע באװעגונגען.

אײנער פון די אמערסטן בוילעטע טעאטערן פון דעמדאָזיקן טיפ,— און אזעלכע טעאטערן זײנען אפילע בא אונז אין ראַטן-פארבאנד פאראן גאנץ װײניק,—איז דער מלוכישער אידישער קאַמער-טעאַטער.

.II

# טעאַטער און קאָמעדיאַנטן פון רעוואָלוציאָנערער פרייד

לאַנגע יאָרן האָבן פאַרדווייקעטע אינטעליגענטן און פאַרדאַיגעטע גייסט-פאַרזאָרגער געגרייט זיך צו שאַפן אן „ערנסטן" אידישן טעאַטער. וואָס האָט באַ זיי געהייסן „ערנסטער" טעאַטער? באַאַריכעסדיקע אויס-טייטשונג פון ליטעראַטור אף דער בינע דורך אויספּירלעכע געפילעכצן פון די אַקטיאָרן. ווייל אינם אלטן אידישן טעאַטער האָבן זיי אָפּגע-לייקנט ניט בלויז זיין שפעטער באַקומענע גאַסן-שונד, נאָר אויך די פון פריער פאַרבליבענע רירעוודיקייט, דאָס פאלקשאַלן, דאָס ארלעקינישע, דעם אייוורים-עקסטאַז. דער אידעאַל איז געווען—כאָטש אַ שטיקל אָפּ-גלאַנץ פונם מאָסקווער קינסטלערישן טעאַטער, וואו די נעשאָמע-פאַר-דרייעניש פונם רוסישן אינטעליגענט זאָלן פאַרוואַנדלט ווערן אין אי-דישלעכע דווייקעס פון אַ קליינשטעטלדיקן באַלשעמס אן אייניקל,—מיט איין וואָרט, אַ מין אידישיסטישע „האַבימאַ"...

איז גאָר געקומען דער מלוכישער אידישער קאַמער-טעאַטער!..

און רעוואָלוציע, האלטן באַלעבאַטישע גייסט-פאַרזאָרגער, איז דאָך ראַק אַסקעטיזם, אַ מין נזיריש אויסטאָן זיך פון דער וועלט. אָרימקייט אָן ליכט און אָן פאַרבן, נאַקעטקייט פון לייב און פוסטקייט אין דער נעשאָמע.

לאָזט זיך אויס, אַז די מאַסן, וואָס מאַכן די רעוואָלוציע, זיינען אָן אן ערעך רייכער מיט לעבן, מיט ליכט, מיט פאַרבן, מיט באַוועגונג, מיט פרייד, ווי די זייטיקע פאָלק-פאַרזאָרגער, ווייל דאפקע דערפאַר

וואָס זיי זיינען מיט דעם אלעם רייך, זיינען זיי פעאיק צו גיין אין רע-וואָלוציע און זיגן!...

און דער מלוכישער אידישער טעאַטער איז געקומען דאפקע אלס איינער פון די אויסדריקן פון דעמדאָזיקן מאַסן-עקסטאַז. ער איז פאַר-קערפערטע „עבודה משמחה"—קונסט-דינסט מיט פרייד, מיט אימפעט. און דער עקסטאַז ליגט ניט פאַרבאָרגן אין דער נעשאָמע, ער שפריצט פון יעדן אייווער פונם קערפער.

אן אויצער ליכט, אַ שלאַל פאַרבן, א טהאָם באַוועגונג, אַ מאַט-מען ריטמען—דאָס האָט אנטפלעקט דער אידישער קאַמער-טעאַטער פאַר דער אידישער ארבעטער-מאַסע. אַ באַפרייטער קערפער, וואָס איז דער אָרגאַנישער מיטארבעטער פונם באַפרייטן גייסט. ביידע דינען זיי דער רויטער נייערד פון רעוואָלוציע, זיינען פיינטלעך צו אלע רעשטלעך פונם אידישלעכן אלטוואַרג. די אידישע האַוואַיע, וועלכע מע האָט דור-רעסלאַנג געוואלט פארוואַנדלען אין א באַטלאָניש-אידישלעכע, די אידישע טנוע, וואָס האָט געזאָלט אף שטענדיק פארבלייבן אַ געטלעך פאַר-דווייקעטע,—זיי זיינען דאָ געוואָרן נייע, פרייע, שאַרפע זשעסטן פון אן „אייזנבעטאָנישער" עפּאָכע.

ווייל דער עקסטאַז אין אידישן קאַמער-טעאַטער איז ניט קיין ווילקירלעכער, קיין סטיכישער, נאָר א רעגולירטער, א פלאַנירטער. מיר לעבן דאָך אין א עפּאָכע, ווען דער סטיכישער דראַנג פון די מאַסן ווערט רעגולירט דורך אַ געאוינישן קאָלעקטיוון סייכל—דורך דעם אוואַנ-גאַרד פונם ארבעטער-קלאַס, דער קאָמפּאַרטיי. פלאַן-ווירטשאַפט, ראַציאָ-נאַליזירטע ארבעט-פּראָצעסן. און ווי אינם פּאָליטיש-ווירטשאפטלעכן לעבן ביכלאל, אזוי אויך אינם קונסט-לעבן איז ניט נאָר וואָס דער עקסטאַז ווערט ניט אָפּגעשוואַכט דורך דעם פּאָרויסגייענדיקן באַוואוסטזיין און אויסגערעכנטקייט, נאָר, אַדעראבע, ער ווערט פאַרשטארקט און דער-גרייכט די גרעסטע ניצכוינעס.

און אלס אויסדרוק דערפון איז—דער מלוכישער אידישער קאַמער-טעאַטער.

אין „ש אָ ל ע ם-אַ ל יי כ ע ם - א וו נ ט" זעען מיר א מאַטעמאטישע

פאַנטאַסטיק. דער אלעמען באַקאַנטער און קימאַט שוין באַנאַל געוואָ-רענער מענאַכעם-מענדל ווערט באַם אַרטיסט מיכאָעלס דערהויבן צו דער מאַדרייגע פון אַן אומפאַרגעסלעכן קונסט-סימבאָל; עס ווערט צום ערשטן מאָל געפונען די קינסטלערישע סצענישע פאַרקערפּערונג פונם פאָלקסטימלעך-אידישן דאָן-קיכאָט—ר׳ אלטער.

אין „אוריעל אַקאָסטא״ גיסן זיך וואונדערלעך צונויף אומרו פון אוריעלס פרייען געדאַנק מיטן אומרו פון די אַנטשפּרעכנדיקע אַלטמאַנס דעקאָראַציעס, די אויפגעבראַכטע באַגרעניצטקייט פון די פּערסאָנאַזשן פונם רעליגיעזן פאַנאַטיזם ווערט מערקווירדיק איינגעפאַסט אין די אַלט-מאַנישע באַצירטע מאַנעקענעס. דאַ איז געפונען געוואָרן דער קינסט-לעריש-ראַציאָנאַליסטישער צוגאַנג צו דער טראַגעדיע פונם וואַקלדיקן פרייען געדאַנק פון סאָף מיטלאַלטער.

היינט די „קישעפמאַכערין״! אַזאַ שעפע פאַרבן, אויצער באַוועגונגען, רייכקייט פון קלאַנגען,—אַזאַ שווינדל-געלויף פון פאָלקסמאַסקעס, באַפרייטע פון זייער אידישלעכן גאָלעס-מעהוס, האָט נאָך די אידישע קונסט ניט געגעבן.

דאָ איז צונויפגעקליבן אַ גוואַלדיקער מאַטעריאַל פון פריידיקער אויפריים-קונסט, וועלכער איז מיט זיין גאַנצן שאַרף געווענדעט קעגן דעם סאָציאַלן, גייסטיקן, באַזונדערס קינסטלערישן אַלטוואַרג.

מאַטעמאַטישע בוילעטקייט פונם זשעסט, גענוי אויסגערעכנטע באַוועגונגען באַ מאַקסימאַל שנעלן טעמפּ, אַנטבלויזונג פונם סקעלעט פון דער טעאַטראַלער האַנדלונג אויף דער צוזאַמענהעפטונג פון צונויפגע-טאָנטע דעקאָראַציעס און מוזיק (דאָרט, וואו די נויטיקייט פון מוזיק ווערט דיקטירט דורך דער אָרגאַנישער לאָגיק פון דער סצענישער קאָ-וואָנע), ביז צום ווייס ווערן אַנגעגליטער ריטם, פאַרבלענדנדיקע מיט-אַרבעט פון ליכט, אַנשטויסנדיקע אויסדריקלעכקייט פון פאַרבן, פילאַום-פאַנגיקייט און לעבעדיקייט פון יעדן סאַנטימעטער פון סצענישן ברעטל,— דאָס זיינען די גרונטשטריכן פון וואָסערן ס׳זאָל ניט זיין ספּעקטאַקל פונם אידישן קאַמער-טעאַטער. און איבער אַלץ דאָמינירט דער באַפריי-טער קערפּער און דער האַרטער און בויגעוודיקער גייסט פונם אַקטיאָר.

וואָס איז אין קאַמער-טעאַטער פריער—דער גאַנצער אַנסאַמבל צי דער איינצלנער קאָמעדיאַנט? ס'איז שווער צו זאָגן. אָבער איינס איז קלאָר—דער אידישער קאַמער-טעאַטער האָט באשאפן דעם נייעם, פרייען, פריידיקן, באוועגלעכן אידישן קאָמעדיאנט, דעם קאָמעדיאַנט פון דער באפרייטער ארבעטערשאפט. ער האָט אויך באַשאַפן א פריידיקן אנ-סאמבל—א נייע קאַפּעלע, און „אַ קאַפּעלע איז מער ווי אַ מיניען״,— זאָגט פערעצעס אַ פערסאָנאַזש.

III.

# טעאַטער
# פון אָרגאַניזירטן פאַרשטאַנד

האָט טאַקע דער מלוכישער אידישער קאַמער-טעאַטער פיל פיינט און נאָך מער פריינט. יעדע נייע שטעלונג זיינע רופט אַרויס פון איין זייט אַנטציקטע אָנערקענונג און פון דער צווייטער זייט ווילדן צאָרן; אָבער דערביי דאַרף נאָך איבערגיין אַ שטיקל צייט, און פיל פון די סאַמע „אויפגעבראַכטע" הויבן אָן באַזוכן דעם אַזוי פאַרהאַסטן ספעקטאַקל, דערקלערנדיק אין פאַרלעגנהייט, אַז „דערצו דאַרף מען זיך צוגעוואוינען".

שוין דער דאָזיקער אומשטאַנד אַליין צייגט, אַז דער איד. קאַמער-טעאַטער איז ניט עפּעס אַ טעאַטער, וואו דער „אַקטיאָר טוט אַ שפּיל, און דער צושויער כאַפּט אַ קוק", נאָר איינער פון די סאַמע שלאַכט-אַנשטאַלטן אין געביט פון קונסט-קולטור אין מאָסקווע און אינם גאַנצן ראַטן-פאַרבאַנד.

גוירעם געוועז דעם ערפאָלג און דעם זיג פונם מל. איד. קאַמער-טעאַטער האָט דער גאַנצער קינסטלערישער מעהוס זיינער.

ערשטנס, איז דאָס דער ערשטער און דערווייל דער איינציקער אידישער טעאַטער מיט טעאַטער-מאַיסטערשאַפט פון אייראָפעאישן שניט און ניוואָ. ביז מל. איד. קאַמער-טעאַטער האָבן אידישלעכע „קולטור-טרעגער" נאָר געטרוימט וועגן אַן „עמעסן" אידישן טעאַטער, און קליינ-שטעטלדיקע כאַקראָנים האָבן מיט אַלע קויכעס זיך באַמיט צו פאַר-ווירקלעכן דעמדאָזיקן טרוים דורך... אויסדרינגען מיטן גראָבן פינגער

אַפילע טעאַטראַל-קינסטלערישע טעאָריעס און מעטאָדן. און דאָ איז אין געשטאַלט פונם קאַמער-טעאַטער געקומען עכטע טעאַטראַלע מאַיסטער-שאַפט און האָט דערקלערט: „איך בין!“. און געקומען איז זי האַגאַם אומגעריכטערהייט, אָבער אַ לעבנסלוסטיקע, אַ יונגע, אין זיך זיכערע, ווי אַלע שאַפונגען פון אָקטיאַבר.

ס'איז געקומען אַ נייער רעזשיסער און אַ נייער קאָמעדיאַנט, פאַר וועלכע ס'איז לאַבלוטן פרעמד „אידישלעכקייט“, ד. ה. נאַציאָנאַליסטי-שער נאַכאַס-רואַך און פאָלקלאָרישער שעמענזאַאיס. און דאָך האָט דעם שליסל צו טעאַטראַל-קינסטלערישער איבערדיכטונג פונם אידישן פאָלקלאר צום ערשטן געפונען דאַפקע דער מלוכישער אידישער קאַמער-טעאַטער,— צוערשט אין זיין פאָרשטעלונג פון שאָלעם-אַליכעמס מיניאַטיורן און דערנאָך אין זיינע אַנדערע ווערק, באַזונדערס אין דער „קישעפמאַ-כערין“.

אָבער די הויפּט-אייגנשאַפט פונם אידישן קאַמער-טעאַטער, וועל-כע ציט מער פון אַלץ צו אים צו די אויפמערקזאַמקייט, דאָס איז, וואָלט איך זאָגן, זיין „פלאַן-שאַפונג“ אָדער די ראַציאָנאַליסטישע מע-טאָדן פון זיין קינסטלערישער אַרבעט.

דער אידישער קאַמער-טעאַטער וואַרפט אינגאַנצן אָפּ דעם מעטאָד פון „איבערלעבעכצן“, דעם קולט פון עמאָציאָנעלקייט. די בכוירע אי-בער דעם „קיניגרייך פון נויטווענדיקייט“,—איבער דער סטיכיע פון ניט-רעגולירבאַרע געפילן,—גיט ער אָפּ דעם „קיניגרייך פון פרייהייט“,—דעם אָרגאַניזירטן און באַשטימענדן פאַרשטאַנד. דערפון נעמען זיך אין די ספּעקטאַקלען פונם אידישן קאַמער-טעאַטער די מאַטעמאַטישע פאָרמול, פאַרוואַנדלטע אין אינטואיטיווע אַנטפּלעקונגען, וואָס לעאַכאַר-האַמאַיסע, ווען דער צוגעוואוינטער צושויער הויבט זיי אָן באַגרייפן, קומען זיי אים פאָר ווי אינטואיטיווע אַנטפּלעקונגען, וועלכע צייכענען זיך אויס מיט אומגעריכטער בוילעטקייט פון מאַטעמאַטישע פאָרמולן.

דערמיט דערקלערן זיך אויך די אַזוי אינטערעסאַנטע און אַזוי „סענסאַציאָנעלע“ זשעסטן פונם אידישן קאַמער-טעאַטער, זיינע אָפן ערשטן בליק אויסטערלישע גרופּן און שטעלן. דער שאָלעם-אַליכעם-

ספעקטאַקל האָט לעכאַטכילע אַרויסגערופן פּאַרלעגנהייט, אויפרעגונג, אַפילע גרימצאָרן, און איצט איז ער שוין אַ קאַנאַניזירטער ספּעקטאַקל, און פילע פון די געוועזענע פּראָטעסטאַנטן זיינען אַפילע נויטע צו מיי-נען, אַז דער טעאַטער האָט זיך צו זיי אַראָפּגעלאָזט און האָט „געמע-סיקט" זיינע זשעסטן. דאָסזעלבע איז אויך מיט „אוריעל אַקאָסטא", עפּשער דער בעסטער אַרבעט פונם אידישן קאַמער-טעאַטער: אין „אוריעל" איז די טעאַטראַלע מאַיסטערשאַפט, וועלכע באַזירט זיך אַף ראַציאָנאַ-ליסטישן עקסטאַז אָדער עקסטאַטישן ראַציאָנאַליזם, דערגרייכט אַ גרויסע הויך און אָנגעשטרענגטקייט.

און אַפילע אין דער „קישעפמאַכערין", אין דעמדאָזיקן העכסט די-נאמישן ספּעקטאַקל, וועלכער איז פול מיט ליכט, מיט טאַנץ, מיט הוהאַ, איז ניט געקוקט אַף דער אויסערלעכער עמאָציאָנעלקייט פון דער שטע-לונג און פונם שפּילן פאַראַן אַ שטרענגע אויסרעכענונג און מאַטעמאַ-טישע געשמיטקייט: דאַפקע דורך דעם ווערט דערגרייכט די געפיל-אָנגעזעטיקטקייט, און ניט פאַרקערט.

דאָסזעלבע איז אויך אינם „גרויסן געווינס" און אַף אַלע איבע-ריקע ספּעקטאַקלען, אָנהויבנדיק פון די מאָנומענטאַלע ביז די קלענסטע קאָמעדיאַנטן-שטיק פונם טעאַטער, ווי די „דריי פינטעלעך" און אַפילע אין די „וואַרשעווער גאַנאָווים" פונם „קאָמעדיאַנטן-קאַרנאַוואַל".

און דערדאָזיקער טעאַטער איז ניט בלויז וואָס ער קען אַליין באַ-גייסטערט ווערן פון קינסטלער, נאָר ער באַגייסטערט אויך זיי, אָרגאַ-ניזירנדיק יעדן פון זיי פאַר אַ באַשטימטער אַרבעט אין סטיל און גייסט פונם געגעבענעם קינסטלער, אָבער אין שטרענגן פּלאַן פונם געגעבענעם טעאַטער. פאַר די שאָלעם-אַלייכעמשע סאמנאבולישע פיגורן, וועלכע זענען אויפגעברויזטע כאַלוימעס אַף אַ גאַנץ אויסגע-רעכנטן „וואָר", האָט דער טעאַטער געפונען שאגאלן, וועל-כער האָט, פון זיין זייט, געפונען דעם אידישן קאַמער-טעאַטער. אַזאַ אידעאַלע צונויפגיסונג פון אַ טעאַטער און אַ קינסטלער ווערט זעלטן דערגרייכט. שאָלעם-אַלייכעמס פערסאָנאַזשן, סצעניש פאַרקער-פערטע דורך די אַרטיסטן פונם אידישן קאַמער-טעאַטער, אין די קאָמ-

טיומען און ראמען פון שאגאלס דעקאָראַציעס, וואָס, ניט געקוקט אַף זייער פאַנטאַסטישקייט, זיינען זיי ראַציאָנאַליסטיש געבויט און מאַטע־מאַטיש אויסגערעכנט,—דאָס איז אַ וואונדערשיינע טעאַטראַלע שוישפּיל, וועלכע גיט דעם אידישן צושויער אַפילע אַ ליטעראַריש נייעם שאָלעם־אַלייכעם.

פונקט אַזאַ מין וואונדערלעכער העסקעם צווישן דער שעפערישער קאָוואָנע פונם טעאַטער און איר דעקאראטיווער פאַרקערפערונג דורכן קינסטלער איז דערגרייכט אויך אין „אוריעל״. דער קינסטלער אַלטמאַן האָט אין זיינע דעקאָראַציעס קימאַט געניאַל אויסגעדריקט דעם אומרו פונם קעמפנדיקן פרייען געדאַנק אַפן פאָן פון רעליגיעזן פאַנאַטיזם, פאַרזוימטן דורך אַ וועלט פון פּאָמפּעזע מאנעקענעס. אַלטמאַנס ראַציאָ־נאַליסטישע כפייצישקייט *) פּאַסט אַמבעסטן צו גראַנאָווסקיס מעטאָדן.

און אין דער „קישעפמאַכערין״ האָט דער העלער, לעבנסלוסטי־קער, שאגאליזירטער רעאַליזם פון י. ראַבינאָוויטש זיך אַרויסגעוויזן פאַר אַן עמעסע אַנטפּלעקונג פאַר די אויפגאַבן פונם אידישן קאַמער־טע־אַטער.

און דאַן גייט די אידעאָלאָגישע רעוואָלוציאָנערקייט פונם טע־אַטער: די אומראַכמאָנעסדיקע אַנטבלויזונג פונם אידישן לעבנשטייגער און די קעסיידערדיקע אַנטפּלעקונג פון דער אָפּגעלעבטקייט פון דער פאַרגאַנגענהייט, זיין בייסיקער, לעבנסלוסטיקער כויזעק איבער די יע־סוידעס פון דער קאנפעסיאָנעל־נאַציאָנאַליסטישער סוויווע, זיין דראַנג צו אָקטיאַבר.

דאָס אַלעס מאַכט דעם מלוכישן אידישן קאַמער־טעאַטער, אָט דעם איינעם פון די ערשטקלאַסיקע אייראָפּעאישע טעאַטערן פון איצטיקער צייט, פאַר ליב און טייער די אידישע אַרבעטער.

אָבער דאָס אַלעס רופט אַרויס צו אים אויך די שאַרפסטע סינע מיצאַד די בורזשואַזע שיכטן פון דער אידישער באַפעלקערונג. עמעס, ער האָט זיי סאָפקאָלסאָף באַזיגט; דאָ, באַ אונז, „אַנערקענען״ זיי אים

*) כייפעץ—זאַך.

שוין „דע פאַקטאָ", אָבער דערפאַר נעמען זיי איבער אים „רעוואַנש" אינם „אידישן" אויסלאַנד: די דאָרטיקע קלאַל-יסראָעל-פּרעסע, באַזונדערס אין אַמעריקע, האָט צו אים אויך דיזעלבע געפילן, ווי צו דער ראַטן-מאַכט איבערהויפּט און צו די „יעווסעקן" ביפראַט. עס איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז איינער פון די הויפּט-באַטלאָנים פונם געלן אַמעריקאַנישן „יודנטום", אייזיק צווי האַלייווי, האָט אין „פאָרווערטס" אויסבעגאָסן זיין נאַציאָנאַל-עסטעטישן גרימצאָרן אַפן „אידישן „קאַמער-טעאַטער" אין מאָסקווע", וועלכער האָט די כוצפּע אַרומצושטעלן די „קישעפמאַכערין" מיט לייטערס און אַרויסלאָזן אַף זיי האָצמאַכן מיט פאַרשיידן געפאַרבטע הויזן...

.IV

# דער טעאַטער
# און די אידישע מאַסן-קולטור

די אידישע מאַסן-קולטור האָט זיך ביז דער אָקטיאבר-רעוואָלוציע געשפייזט נאָר׳ פון זיך אליין. דערשיינונגען און אנשטאַלטן אין אלע געביטן פון דערדאָזיקער מאַסן-קולטור—אין פּאָליטישן, סאָציאַלן און גייסטיקן געביט—פלעגן שריט נאָך שריט אויפקומען טאַקע אין דער אידישער מאַסן-סוויווע גופא, און זייער אנטוויקלונג פלעגט גיין בע-האדראגע, אָן גרויסע אויפרייסן. עמעס, די אידישע מאַסן-קולטור גופא איז געבוירן געוואָרן דורך איין גרויסן אויפרייס—דורך דער אנטשטייאונג פון דער רעוואָלוציאָנערער אידישער אַרבעטער-באַוועגונג. אָבער איז זי שוין איינמאָל אויפגעקומען, די אידישע אַרבעטער-באַוועגונג, האָט זי שוין איר ווייטערדיקן וועג געמאַכט אָן נייע אויפרייסן, אין שטילן גאַנג.

אַזוי איז געווען אין אלע געביטן. פּאָליטיק, געזעלשאפטלעכקייט, ליטעראַטור, קונסט—אומעטום האָט זיך געפילט אַ מוראשקעס-אויסגערע-כנטקייט, אָן באפליגלטן אימפעט, אָן אוניווערסאלן דראנג. האָט טאקע די גאַנצע שאפונג געהאַט שטענדיק נאָר אַ אינערלעך-אידישן מאסשטאב און איז געווען ארומגערינגלט מיט אן אטמאָספער פון נאַציאָנאַליסטישן נאַכעס קלייבן פון אייגענעם האָב און גוטס. קיין איין דערשיינונג,—אויסער דעם פּאָליטישן אויפטריט פון אידישן אַרבעטער-קלאַס אלס אזעלכן,—האָט קיינמאָל ניט באַקומען קיין אלגעמיינעם, אויסעראידישן ווערט.

און דאָס האָט אנטשפּראָכן דעם ביז-אָקטיאַברישן כאַראַקטער פון דער אידישער אַרבעטער-באַוועגונג. ס'איז געווען אן עפּאָכע פון נאַציאָנאַלער (און דעריבער אָפט אויך נאַציאָנאַליסטישער) איזאָליאַציע פון דער אידישער אַרבעטער-באַוועגונג, פון איר קימאַט פולשטענדיקער אָפּגעזונדערטקייט.

אָקטיאַבער אלס אזעלכער איז געווען די ערשטע גראַנדיעזע אויפווירקונג פון דעם אלגעמיינעם, אלמלוכישן און גלייך שוין אלוועלטלעכן פּראָלעטאַרישן דראַנג אף דער אידישער אַרבעטערשאַפט. דאָס איז געווען דאָס צווייטע אריינרייסן זיך פונם פּראָלעטאַרישן אינטערנאַציאָנאַליזם אין דער אידישער אַרבעטער-סוויווע. דאָס ערשטע מאָל איז געווען דער אויפקום פון דער אַרבעטער-באַוועגונג און די אנטשטייאונג פון „בונד". דאָס ערשטע מאָל איז דאָס געווען אן אריינדראַנג פון דער פּראָלעטאַרישער וועלט-סטיכיע אין דער סוויווע פון דער *אידישער נאַציע*, און געבראַכט האָט ער צו דער פּאָליטישער אויסקריסטאַליזירונג פונם אידישן אַרבעטער-קלאַס און צום קעגנשטעלן אים קעגן דער אַלטער קנעסעס ישראָעל. דאָס צווייטע מאָל—אָקטיאַבער—האָט שוין דעם אידישן אַרבעטער-קלאַס ארויסגעריסן פון די נאַציאָנאַלע דאַלעד-אַמעס און האָט אים איינגעבירגערט אין דער פּראָלעטארישער וועלט-רעוואָלוציע. ראַטן-מאַכט, דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט, קאָמינטערן,— דאָס דאַרף מען אנערקענען,—איז געקומען פון דרויסן, און מיט גרויסע שוועריקייטן איז עס איבערגעקאַכט געוואָרן באַ אונז און געוואָרן אן אָרגאַנישער באַשטאַנדטייל פון אונזער נייער מאַסן-קולטור. און דאָס אויך האָט זיך נאָך דער פּראָצעס ווייט ניט פאַרענדיקט.

דאָס איז אין געביט פון דער ריין מאַטעריעלער קולטור,—ס'האָט זיך אָבער געמוזט אָפּשפּיגלען אויך אין געביט פון דער גייסטיקער קולטור. איז וואָס זעען מיר דאָ?

נאָר אין צוויי געביטן האָבן מיר גלייך דערפילט מאַמאַשעסדיקע רעזולטאַטן פונם אָקטיאַברישן אוניווערסאַליזם (וועלטפאַרנעם): אין געביט פון סאָציאַלער דערציאונג און אין געביט פון טעאַטער.

וועגן די דערגרייכונגען פון דער סאָציאַלער דערציאונג אין דער

אידישער אַרבעטער-סוויווע וועל איך דאָ ניטריידן: דאָס איז ניט מיין איצטיקע טעמע, און אויסער דעם זאָלן דערפון רעדן פאַך-קענער. אָבער אין אלגעמיין איז אלעמען באַוואוסט, אז די אַרבעטן פון דער אידישער לערערשאַפט (באַזונדערס אין קיעוו און אדעס) האָבן באַקומען אן אל-מלוכישע אנערקענונג און אַנטשפּרעכן אינגאַנצן דעם גייסט און דעם פאַרנעם פון די זוכענישן פון דער אָקטיאַבער-עפּאָכע.

אָבער דערגרייכונגען אין דעם געביט מוזן לויט זייער נאַטור בלייבן אַ געוויסע צייט ניטבאמערקט און ניטגעזעען דורך די ברייטע מאַסן,—ניט אומויסט האָט מען איינמאָל אָנגערופן די אידישע לערער „לאַמעד-וואָווניקעס”. אנדערש איז מיטן טעאַטער.

פריער האָט די ליטעראַטור געהאַט די העגעמאניע אין אונזער קולטור-שאַפונג. זי האָט געפירט, גערעגט, אָרגאַניזירט און גרופּירט די קויכעס אין אלע אנדערע קונסט-געביטן. און איר שאַפונג גופע איז געגאַנגען אין גייסט פון יענער עפּאָכע—אין גייסט פון אינערלעך-אידישער באגרעניצטקייט. האָט אין געוויסן זין די אידישע ליטעראַטור ניט אינגאַנצן אויסגעהאלטן דעם דראַנג פון אָקטיאבער און איצט ראַנגלט זי זיך באוואוסטזיניק, קעדיי גויווער צו זיין דעם קריזיס, וועלכער שטאַמט פון דער ניטאויסגעלעבטער פריערדיקער עפּאָכע.

דער טעאַטער האָט באַ אונז ניט געהאַט די רייכע, אָבער אָפט שווערע טראַדיציעס, וואָס ס'האָט געהאַט די ליטעראַטור,—איז אים לייכטער געווען אויפצונעמען דעם נייעם אָקטיאבער-דראנג. איז באשאפן געוואָרן דער אידישער קאַמער-טעאַטער.

דער קאַמער-טעאטער איז טאקע אנטשטאנען אפן באָדן פון אָנגעזאמלטער מאַסאָוועך שאַפונגס-ענערגיע, אָבער דער שטויס איז דאָך געקומען פון דרויסן. ניט געזעענע אין דער אידישער סוויווע מאסשטאבן, ניט געהערטע און ניט געפילטע ריטמען און טעמפּן, קיינמאָל ניט איבערגעלעבטע דערגרייכונגען. דאָס ערשטע מאָל אין דער געשיכטע פון דער אידישער קולטור איבערהויפּט און פון אונזער מאַסן-קולטור ביפראַט א קולטור-שאַפונג, וואָס גלייכט זיך און—האָט זיך אויסגעגלייכט—לויטן פּ־אנט פון דער אייראָפּעאישער קולטור. ווייל דער קאַמער-טעאַטער איז

טאקע אַ אידישער טעאטער, אָבער באקומען האָט ער שוין אַ ווערט אויסער די ראמען פון דער ריין אידישער קונסט-קולטור. דערמיט אליין איז ער שוין די ערשטע און דערווייל די איינציקע אָקטיאבער-דערגריי-כונג פון דער אידישער מאַסן-קולטור.

אָבער ניט בלויז דערמיט אליין.

געוויינטלעך שטעלט מען זיך פאָר, אז אָקטיאבער-קונסט איז די, וואָס רעדט בעפּירעש וועגן באריקאַדן-שלאכטן, רויטע פאָנען, סערפּ און האַמער, שער און אייזן, בלוטזויגער-קאפּיטאַליסטן און אונטער-דריקטע פּראָלעטאריער. פארשטייט זיך, אז דאָס איז א צו פאריינפאכ-טער, א ווולגארער שטאנדפּונקט. ווען ס'זאָל זיין אזוי, וואָלטן מיר, לעמאָשל, זיך געדארפט אָפּזאָגן פון האָבן ווען ס'ניט איז אַ פּראָלעטאַ-רישע אָדער רעוואָלוציאָנערע מוזיק. מוזיק רעדט דאָך מיט טענער, ניט מיט אלעמען צוגענגלעכע ווערטער אָדער צייכענונגען. און דאָך איז פאראן רעוואָלוציאָנערע מוזיק, און פּראָלעטארישע מוזיק איז מעגלעך אף אזוי פיל, אַף וויפל ס'איז מעגלעך פּראָלעטארישע קונסט איבערהויפּט.

רעוואלוציאנערע קונסט איבערהויפּט און אָקטיאבער-קונסט ביפראט איז אזעלכע ניט בלויז לויט אירע קאָנקרעטע סיוזשעטן און מאטיוון, נאָר לויט איר גייסט, לויט די שטימונגען, וואָס זי דערוועקט, לויט דער שפּיל פון אירע פארבן, לויט אירע ריטמען, לויט אירע טעמפּן, לויט דער פארקישעפטער וועלט, אין וועלכער זי טראָגט אונז אריבער, לויט דעם אידעאָלאָגישן דראנג, וועלכער פירט מיט איר אָן. ווייל קונסט האָט גאָר אנדערע וועגן און מעטאָדן פון אויפווירקונג, ווי עס האָט די פּוב-ליציסטיק. זי בלייבט קונסט נאָר דאן, ווען זי ברענגט צו פּובליציסטישע אויספירן דורך אירע אייגענע וועגן און מעטאָדן. איז זי נאָר פּובליציס-טיש—איז זי ניט קיין קונסט, נאָר איינפאכע אגיטיר-שאפונג. פעלן אין איר אגיטיר-אויספירן, איז זי געזעלשאפטלעך טויט אפילע בא ריין פאָר-מעלע דערגרייכונגען. און דער קאמער-טעאטער איז דער איינציקער טעא-טער באַ אונז און איינער פון די ווינציקע טעאטערן אין אלפארבאנדישן מאסשטאב, וואו ס'איז געפונען געווארן דער סינטעז צווישן די פאָרמעלע דערגרייכונגען און דעם אידעאָלאָגישן אָפּזאַץ פון דער אָקטיאבער-עפּאָכע.

V.

# אין ריטם פון אָקטיאַבר

דער אידישער קאַמער-טעאַטער איז ניט קיין פּראָלעטאַרישער טעאַטער און גיט זיך ניט אויס פאַר קיין פּראָלעטאַרישן טעאַטער. דער אידישער קאַמער=טעאַטער איז אָבער דער איינציקער טעאַטער, וועל-כער איז אָנעמבאַר פאַר דעם פּראָלעטאַריאַט.

פארוואָס?

דער אידישער קאַמער-טעאַטער וואַרפט אָפּ דעם מעטאָד פון אי-נערלעכע איבערלעבעכצן, וועלכע ווערן ליטעראריש אויסגעטייטשט אַף דער בינע, ער גיט טעאַטראַלע האַנדלונגען, וועל-כע באַקומען אַ קאָלאָסאַלן ווערט אַפילע פאַר דיין ליטעראַרישע שאַפונ-גען. דער מעטאָד פון איבערלעבעכצן פאַרקריפּלט אַפילע קאָלעקטיווע האַנדלונגען און פירט זיי אַראָפּ צו דער מאדרייגע פון אינדיווידואַליסטי-שע גריבלערייען, דער מעטאָד פון טעאַטראַלע האנדלונגען דערהויבט אַפילע די אינערלעכע איבערלעבונגען פונם יאכיד צו א מאדרייגע פון אַ מאָמענט אין דעם קאָלעקטיוון זיין.

דאָס איז דערפאַר, וואָס דער אידישער קאַמער-טעאַטער בויט זיין שאַפונג ניט אַף דער עמאָציע, נאָר אַף דער ראַציע, ד. ה. ניט אַף דער סטיכיע פונם ניטרעגולירבארן געפיל, נאָר אַף דער אויס-גערעכנטקייט פונם אָרגאַניזירטן פאַרשטאַנד. ער רופט אַרויס געפילן דורך מאַטעמאַטישער בוילעטקייט פונם פאַרשטאנד. פלאַן=שאפונג און ניט סטיכישע אויפרייסן, וואָס דאָס איז אינגאנצן אין גייסט פון אונזער אָקטיאַבר-עפּאָכע.

מייערכאָלד אין מאָסקווע און קורבאס אין קיעוו גייען אויך אַף דעם וועג, נאָר זיי מאַשיניזירן דעם מאַטעריעלן אפאראט פונם טעאַטער, גראַנאָווסקי ראַציאָנאַליזירט דעם לעבע-דיקן מאַטעריאַל פונם טעאַטער. פאַרשטייט זיך, אַז פילן די איצטיקע עפּאָכע קאָן מען ניט אָן דער אנטפלעקונג פון איר אינדוסטרי-אַליזם, אָן טעכנישע קאָנסטרוקציעס, און דעריבער זיינען מייערכאָלדס און קורבאַסעס אויפטוען אַ גרויסע דערגרייכונג פאַרן קומענדיקן טעאַ-טער פונם פּראָלעטאַריאַט. אָבער דורך אַזאַ מעטאָד וועלן מיר עפּשער אַמאָל קאָנען דערפילן די טעכנישע סוויווע פונם ארבעטער, אָבער ניט דעם אַרבעטער גופע און ניט זיין לעבעדיקע נאַטור. דערפאַר איז אין מייערכאָלדס און קורבאסעס טעאַטערן פאַרגעדענקען מיר נאָר טעכני-שע קאָנסטרוקציעס, און אין דעם אידישן קאַמער-טעאטער פאַרגעדענקען מיר לעבעדיקע געשטאלטן און אויפגעברויזטע מאַסן. דערפאַר קאָנען יענע טעאַטערן זיין רעוואָלוציאָנער נאָר דאַן, ווען זיי שטעלן קאָנקרעט רע-וואָלוציאָנערע פּיעסן, וואָס ריידן פאַר זיך אַליין, און דער אידישער קאַמער-טעאַטער איז רעוואָלוציאָנער שטענדיק, אומאָפּהענגיק פון זיין רעפּערטואַר, ווייל טעכניק קאָן דינען, האָט געדינט און דינט אַדהאַיאָם אויך דער בורזשואַזיע, אָבער לעבעדיקע באָסערוואָדאָמס דינען נאָר זיך אַליין..

לאָמיר, לעמאָשל, פאַרגלייכן צוויי ספּעקטאקלען: „דזשימי היגינס" באַ קורבאסן און די „קישעפמאַכערין" באַ גראַנאָווסקין. „דזשי-מי היגינס" איז אַ רעוואָלוציאָנערע זאַך, גאַנץ רעוואָלוציאָנער אַלס ראָ-מאַן. די טעאַטראַלע פאַרקערפּערונג פון סינקלערס ראָמאַן אַף קורבא-סעס בינע איז זייער אינטערעסאַנט, ניי און געפינט זיך אין דער פלאַך פון די לינקע זוכענישן. אָבער ניי און רעוואָלוציאָנער איז דאָס נאָר אין פלאַך פון ברעכן דעם אַלטן טעאטער-אפאראט, אין הינזיכט פון טעכ-ניש אילוסטרירן די מאכט פון קאַפּיטאַליזם, אָבער די לעבעדיקע מאַסן זיינען געבליבן טויט און אַלט. דער ספּעקטאקל רעגט, פאַרכאַפּט, אָבער ס'באקומט זיך דער סאַכאַקל פון אַ טעכניש-קינסטלערישער אינ-סצענירונג פון א ריי מיטינגען. דעם גייסט פון די מאסן, זייער דראנג

דערפילן מיר ניט. ס'באַקומט זיך דער איינדרוק פון א מין אַלטנייער „גאלגאטע" פאסיווע ליידן פון א נייעם אַרבעטער-קריסטוס, ווייל די טויטע זאַכן דאָמינירן איבער די לעבעדיקע מאסן.

און די „קישעפמאכערין"? אָן אלטע האמוינישע מעלאדראמע, וועלכע איז פארוואנדלט געוואָרן אין אויפברויז פון מאַסן, פון אומויפ-הערלעכער מאסן-דינאמיק, קוואלן פון מאסן-פרייד, פארבלענדונג פון פאָלקס-פארבן, א שטורעם פון קאָלעקטיווע ריטמען און טעמפּן. „דזשימי היגינס" ווירקט ניט אנשטעקנדיק אף מאָרגן נאָך דער פאָרשטעלונג— דער רעוואָלוציאָניזירטער סצענישער אפּאראַט בלייבט אין געביידע פון טעאטער, און דער צושויער גייט אוועק נאָר מיט א בוילעט אויסגע-טייטשטן ראָמאן; ווען פון דער „קישעפמאכערין" גייט מען אַוועק מיט געזאנג אין דער נעשאָמע, מיט לעבעדיקע געשטאלטן, מיט ליכטיק געוואָרענע אויגן, מיט א גייסטיקער דערהויבונג. דאָס הייסט, אז ס'איז אין קאמער-טעאטער געכאפּט געוואָרן דער ריטם פון דער אָקטיאבער-עפּאָכע, ווען מאַסן האָבן בא אומגעוויינלעכע, אין דער געשיכטע אומ-געהערטע ליידן געטראָגן אין זיך די עקסטאטישע פרייד פון הערואישע שלאכטן, מאפּאָלעס און ניצכוינעס.

דערפאר זיינען אזוי אַמאַראַציש די רייד וועגן דעם, אז אין קא-מער-טעאטער האָבן מיר גרויסע פּאָרמעלע דערגרייכונגען אָן רעוואָלוציאָנערן אינהאלט. דער קאמער-טעאטער שטעלט מיט זיך פאָר איינעם פון די זעלטענע פאלן, ווען פאָרמעלע דערגריי-כונגען זיינען טאַקע דערפאַר דערגרייכונגען, ווייל זיי פאַרבאָרגן שוין אין זיך אַ רעוואָלוציאָנערן אינהאַלט. פאָרמעלע דערגרייכונגען אַליין, קונסט לעשעם קונסט וואָלט ניט געקאָנט אַזוי באַהערשן די אַרבעטער-שאפט פון מינסק, קיעוו און האמעל, וועלכע איז מאַמעש פארגאפט געוואָרן פונם קאַמער-טעאַטער און האָט אָנגעהויבן צו באַגלייטן אירע ארבעט-פּראָ-צעסן אין די וואַרשטאַטן און פאַבריקן מיט די ריטמען, באַוועגונגען און לידער פונם קאַמער-טעאַטער. מיט פאָרמעלע דערגרייכונגען אַליין וואָלט דער קאַמער-טעאַטער ניט באהערשט דעם אידישן סעקטאָר פונם קאָמוניסטישן מאַירעוו-אוניווערזיטעט, די פעדטעכניקומס, די קינדער-אַנשטאַלטן מיט

---

מאַלאַכאָווקער קינדער-קאָלאָניע בערויש, ער וואָלט ניט פאַרוואנדלט געוואָרן אין אַ ברויז-עלעמענט פון אונזער נייעם, רעוואָלוציאָנערן מאַסאָוון לעבנשטייגער*). די פאָרמעלע דערגרייכונגען פונם אידישן קאַמערטעאַטער זיינען רעוואָלוציאָנער אין טאָך, אומאָפּהענגיק פון זייער קאָנקרעטן אידעאָלאָגישן הייטל, זיי וועקן אליין א באשטימטע אידעאָלאָגישע נעטיע, ווייל זיי שאפן אַ דערהויבענעם פסיכישן צושטאנד פון מאַסן, וועלכע זיינען גרייט צו גיין אין רעוואָלוציאָנערע שלאכטן און פארשווענדן אָנגעשטרענגטע מי אין רעוואָלוציאָנערן פרידן.

---

*) דאָס האָט קאָנסטאַטירט אף דער אַלפאַרבאַנדישער באַראַטונג פון די אידסעקציעס פון ר. ק. פּ. (אין אַפּריל פון יאָר 1924) כ. יאַנקל לעווין אין זיין באריכט וועגן דער טעטיקייט פון דער הויפטביורא פון די אידסעקציעס באם צ. ק. פון דער ק. פּ. (ב.) פון ווייסרוסלאנד.

## „שאָלעם-אַלייכעם-אוונט“

דער אידישער קאַמער-טעאַטער איז געווען אַן עמעסע אַנטפּלע-קונג אין אונזער קולטור-שאַפונג, און געקומען איז דידאָזיקע אַנטפּלע-קונג מאַמעש פון „פּאָצן-זייט“—פון פּעטערבורג.

מיר האָבן געהאַט אַלטע, לאנגאנגעדיקע צענטרען פון אונזער מאַ-סאָווער קולטור-שאַפונג: וואַרשע, ווילנע, דערנאָך קיעוו. דאָרט האָט זיך אין מעשעך פון דוירעס געשאַפן אונזער מאַסן-לעבן, דאָרט איז אַנטשטאַנען און האָט זיך אַנטוויקלט אונזער ליטעראַטור, דאָרטן זיינען אויפגעקומען אויך די ערשטע טרוימען וועגן אַן עמעסן, קינסטלערישן אידישן טעאַטער. מע האָט געטרוימט,—ס׳איז אָבער דערפון גאָרניט אַרויסגעקומען. האָט מען זיך גענומען פירן אַן אַקטיווע אַגיטאַציע פאַר אַן „עמעסן“ טעאַטער. דער ערשטער האָט זיך גענומען מאַטערן און פייניקן פּערעץ הירשביין, דערנאָך האָט אָנגעהויבן אַרבעטן פאַר דער זאַך דער אומגעקומענער ווייטער, צום סאָף האָט איבערגענומען די אַר-בעט פּערעץ אַליין.

פון דערדאָזיקער העלדישער קאמפאניע איז די אומצעפרידנקייט מיטן „אַלטן אידישן טעאַטער“, עמעס, געוואָרן אַלץ גרעסער און טיפער, אייניקע סימאָנים פון אַ נייער טעאַטער-קולטור האָבן זיך אַפילע אויך באַוויזן, אָבער קיין נייער טעאַטער איז דאָך דערפון ניט אַרויסגעקומען.

דערווייל האָט זיך באַשאַפן אַ מין היסטאָריש-קולטורעלע פאַר-דרייעניש. די ליטעראַטור איז לאַנג געווען דער איינציקער עלעמענט פון אונזער נייער קולטור. זי איז אויך מיט דער צייט געוואָרן דער

צענטראַלער אָרגאַניזיר-פונקט פאַר אַלע אַנדערע געביטן פון אונזער קונסט-קולטור. און זי האָט זיך די ערשטע דערפילט שלעכט אין איר איינזאַמקייט צוליבן פאַקטישן פעלן פון דידאַקטיקע אַנדערע געביטן. איז פון פירן אַן אַקטיווע קאַמפּאַניע פאַרן אַרויסרופן זיי צום לעבן באַ איר באַשאַפן געוואָרן אַ שעדלעכע אילוזיע, אַז זי איז באַרופן שטענדיק צו זיין די הערשערין, געזעצגעבערין און טאָנגעבערין אין דידאַקטיקע קונסט-געביטן בעשאַס זייער אויפקומען און ווען זיי וועלן אויפקומען. שרייבער זיינען דורכגעדרונגען געוואָרן מיט דער איבערצייגונג, אַז אַלע אַנדערע קונסטגעביטן—מאָלעריי, מוזיק און באַזונדערס טעאַטער—וועלן און מוזן זיין נאָר צוגאָבן צו ליטעראַטור און וועלן דאַרפן פאָלגן אירע דירעקטיוון. און אויב אין איר אייגענעם געביט איז די ליטעראַטור געווען שעפעריש, איז זי אין איר באַציאונג צו די אַנדערע געביטן, באַזונדערס צום טעאַטער, געוואָרן ריין קולטורטרעגעריש, אויסדריגנגערש און אידישלעך דילעטאנטיש

און פלוצלינג—פעטערבורג!

פעטערבורג?..

די שטאָט פון „מפיצי השכלה“, פון באראן גינזבורגס מישפּאָכע, פון „וואָסכאָד“, פון סליאָזבערג און גרוזענבערג, פון ווינאווער און „דעפּוטאט פרידמאַן“, פון בראמסאן און פערעפערקאָוויטשן,—מיט איין וואָרט, די שטאָט פון אידיש-פלוטאָקראַטישן אלטווארג,—וואָס פאר אַ שאיכעס האָט זי צו דער קולטור-שאפונג פון די אידישע מאסן?..

האָבן זיך אַלע באצויגן סקעפּטיש צום אנטשטאנענעם אין פעטערבורג אידישן קאמער-טעאטער. מיר קענען די „געזעלשאפטן צו דערמונטערן די אידישע קונסט“, וועלכע פלעגן אויפקומען אין פעטערבורג מיט דאָקטוירים, אדוואָקאטן און אָפט „אפילע“ שטאָט-ראטן („סטאטסקי סאָוויעטניקי“) בערויש.

פאָרט מיטאמאל דער אידישער קאמער-טעאטער אריבער אין מאָסקווע און גיט זיין ערשטע פאָרשטעלונג: „שאָלעם-אליכעם-אָוונט“ ס׳איז געווען אן אומגעהערטע סענסאציע.

געגנוג כילעל השעם איז שוין געווען, וואָס דער טעאטער איז

אנטשטאנען אָן דער אקושערישער הילף פון דער ליטעראטור, האָט ער נאָך געוואגט מאניפעסטירן זיין זעלבשטענדיקייט אף א שאָלעם-אליי-כעם-פאָרשטעלונג! שאָלעם-אלייכעם איז דאָך געוויס דורכויס „אונזערער״! מיר ווייסן דאָך אלע, ווי מע דארף אים „טייטשן״ אף דער סצענע, וואָס פאר באוועגונגען, טנועס און האוואיעס די אויספירער דארפן דערביי מאכן, וואָס פאר דעקאָראטיווע אילוסטראציעס עס דארפן דערביי זיין,—און דאָ איז אלץ „קאפויר״!

איז געוואָרן א מעהומע, א „ויצעקו״. די ליטעראטור האָט איר אויסגעטרוימט בילד ניט דערקאָנט און האָט אָנגעהויבן בלאָקירן דעם טעאטער...

ס׳זיינען דורך אייניקע יאָרן פון ליטערעריש-דילעטאנטישער בלאָ-קאדע, געשטיצט דורך אידישלעך-באלעבאטישער באגרעניצטקייט פון „אידן פון א גאנץ יאָר״, און דער קאמער-טעאטער האָט געזיגט אפן גאנצן פראָנט. און איצט פייערט דער אידישער קאמער-טעאטער זיין 5-יאָריקן יובילייַ באקרוינט מיט אלגעמיינער און פולער אנערקענונג, און צו זיין פייערטאָג וועט ער שוין האָבן געציילט בא 300 פאָרשטע-לונגען פון דעמזועלביקן, דעמאָלט סענסאציאָנעלן, איצט שוין קאנאָני-זירטן שאָלעם-אלייכעם-אָוונט...

300 פאָרשטעלונגען אין 4 יאָר!.. ס׳איז אויך ניט קיין קליינע פראָדוציר-פראָגראם...

* * *

שאָלעם-אלייכעם אין אידישן קאמער-טעאטער...

איך וועל זיך דערלויבן זיך אליין ציטירן. וועגן שאָלעם-אלייכע-מען האָב איך אמאל געשריבן:

„די גרונט-שטריכן פון שאָלעם-אלייכעמס דיכטונג זיינען טרוימע-ריי און סקעפסיס, וואָס פון זייער אייגנארטיקער באהעפטונג קומט ארויס די לירישע איראָניע, דער ליריש-אידישער הומאָר. די טרוימעריי גיט צו דעם סקעפסיס א האָפענונגספולן כאראקטער, זי לאָזט אָפן די טיר פאר דעם אייביקן „טאָמער יאָ?״ דער סקעפסיס פירט אראָפּ דעם „אפן הימל א יאריד״ אף דער ערד און פארוואנדלט דאָס מאמאָשעסדיקע

לעבן אליין אין א טרוים, אין א פראגע-צייכן, אָט דאָס כאָלעמען, וואָס באפליגלט מיט האָפענונגען דעם צווייפל, אָט דער צווייפל, וואָס איז גרייט צו לייקענען בעשאס מאיסע אין די כאלוימעס, גיבן אין זייער זיווּוג די טיפע איינפאכקייט, דאָס עלעמענטארע, וואָס ווערט אָפט גע-אויניש. זיי טוען אויס די נעשאָמע פון אירע געיארשנטע סאָציאל-קול-טורעלע שיכטן און ווייזן זיי ארויס אין איר לעכאמכילע-פאָרם פון „מעשה בראשית".

„שאָלעם-אלייכעמס ליריק, זיין לירישער הומאָר אנטפּלעקט דאָס עלעמענטארע אין דער אידישער פסיכיק, עמעס, דאָס איז פסיכיק פון באשטימטע אידישע שיכטן אין א באשטימטער היסטאָרישער עפּאָכע,— אָבער אים האָט זיך איינגעגעבן צו דערגיין ביזן יעסאָד, צו אנטדעקן אונזער פסיכישן סקעלעט. די אייגנארטיקע באהעפטונג פון טרוימעריי און סקעפּסיס אין זיין לירישער דיכטונג האָבן געשאפן דעם אוילאָם-האטויע, אין וועלכן עס דרייען זיך ארום זיינע פארקישעפטע פיגורן קימאט ווי פרימיטיווע מאריאָנעטן. זיי ריידן ווערטער, וועלכע זיינען אזוי עלעמענטאר און זעלבסטפארשטענדלעך, וואָס ליגן מאמעש אפן צונג, אז מיר כידעשן זיך, אלעמאי האָבן מיר זיי אליין ניט פאָרויס-געזעען, און דאָך זיינען זיי שטענדיק ניי אלס קינסטלערישע אנטדע-קונגען. זייערע טנועס און האוואיעס זיינען די אייביקע אלטנייע,—און אונז דוכט זיך אָפט, אז ניט מיר האָבן זיי געזעען בא שאָלעם-אלייכע-מען, נאָר אז ער האָט זיי בא אונז איבערגענומען שוין גרייטע" *).

טרוימעריי און סקעפּסיס, כאָלעם און צווייפל—דאָס זיינען צוויי גרונט-געביטן פון מענטשלעכער פסיכיק: די געביטן פון עמאציאָנאליזם און ראציאָנאליזם, די סטיכיע פונם געפיל און דאָס קיניגרייך פונם פארשטאנד. מיר וועלן זיך דאָ ניט ארייַנלאָזן אין א וויקואך מיקויאך דעם, וואָס ווערט באדינגט פון וואָס. איך האלט, אז ארויסגיין פון „קי-ניגרייך פון מוז" צום „קיניגרייך פון פרייהייט" באטייט, אז אונזער צו-קונפט-לעבן וועט רעגולירט ווערן דורכן פארשטאנד און ניט דורכן

*) אין אומרו (קיעוו, 1918), ז. 93-94.

סטיכישן געפיל—מיט דעם באדינג, אז דער פארשטאנד אליין וועט שוין דעמאָלט פארמאָגן די קלאָרזעערישקייט פונם געפיל.

נאָר דער אידישער קאמער-טעאטער רופט בא אונז ארויס בוילעט קלאָרע פאָרשטעלונגען וועגן די שאָלעם-אלייכעמישע פיגורן און זייער אוילאָם-האַטויע דורך מעטאָדן פון ראַציאָנאַליסטישן שאפן. מענאכעם מענדל יאקנעהאָז (מיכאָעלס) דערגייט צו אונז סאָפקאָלסאָף ווי א לעבע־דיקער געפילפולער באָסאָרוואָדאָם. אָבער מיר זעען מאמעש בעכוש, אז דאָס ווערט דערגרייכט דורך אן אייזערנעם רינג פון מאטעמאטישע באַ-וועגונגען און זשעסטן. נאָר אזוי ארום ווערט פאר אונז אנטפלעקט זיין „פסיכישער סקעלעט", וואָס, באקליידט מיט הויט און ביינער, קאָנען פון אים אויפבליען אָן א שיר וואריאציעס פון מענאכעם מענדלען. אָדער ר' אלטער פון „מאזל-טאָוו". דאָ דערזעען מיר דורך דער „הוילער מאטע־מאטיק" די „עלעמענטארע איינפאכקייט, וואָס ווערט אָפט געאויניש". אָנגעטאָנענע אין שאגאלס קאָסטיומען און ארומגערינגלט דורך שאגאלס דעקאָראַציעס, וואָס בא זייער גאנצער פאנטאסטיק זיינען זיי דורכויס שטרענג אויסגערעכנט, מאטעמאטיש בוילעט, ווערן זיי גראד יענע „פארקישעפטע פיגורן", וואָס דערמאָנען אונז די „קימאט פרימיטיווע מאריאנעטן", פון וועלכע ס'קאָן ווערן א שלאל נייע טיפן-וואריאציעס.

אָדער דער עפיזאָד „ס'א ליגן"! צוויי סקעפטיש־טרוימערישע פי-גורן פונם שאָלעם-אלייכעמישן אידישן אוילאָם-האטויע (גערטנער-ראבי-נאָוויטש און זוסקין). דורך זייערע אימפולסיווע רייד, פארשפארט אין אייזערנע גראטן פון אויסגערעכנטע באוועגונגען און זשעסטן, דערביי ארייגעשטעלטע און שאגאליזירטע אלטמאנישע ראמען,—דערפילן און באגרייפן מיר מאמעש פון ס'ניי אנטדעקטע צוויי אידישע לופט-פיגורן.

דער „שאָלעם-אלייכעם-אָוונט" איז צוליב א מיספארשטייעניש לעכאטכילע אָפגעלייקנט געוואָרן דורך דער ליטעראטור. אין דערעמעסן אָבער איז ער געווען און געבליבן א מעכטיקער שטויס פאר דער לי-טעראטור גופע,—ווייל ער האָט געשאפן א גאָר נייעם שליסל צו פאר-שטיין און באנעמען איינעם פון די גרינדער פון אונזער מאָדערנער לי-

טעראטור. שאָלעם-אלייכעם האָט צום ערשטן מאָל באקומען די קלאַסי-שע, עכט-קינסטלערישע פארקערפערונג פון זיינע פיגורן. און שאָלעם-אלייכעם איז אין קאמער-טעאטער דאָך געווען נאָר אן אָנהויב און אן אָנזאָג—די „קישעפמאכערין" האָט דערוויזן, וואָס דער נייער אידישער טעאטער קאָן מאכן אפילע פון גאָלדפאדענען..

ס'איז גוט, וואָס די צווילינג-שוועסטער אין אונזער קונסט-קול-טור האָבן זיך סאָפקאָלסאָף דערקענט איינע די צווייטע און האָבן זיך צוזאמענגעלעבט. דאָס איז איינע פון די בעסטע קראנצן דעם אידישן קאמער-טעאטער צו זיין פינפטן געבורטסטאָג.

# „פּאַרטאָג"

דעם 7-טן נאָיאַבר, דעם פינפטן יובילײ-טאָג פון דער אָקטיאַבר-רעוואָלוציע, האָט דער מלוכישער אידישער קאַמער-טעאַטער „עד-לחשבון" פאַר דער ענדגילטיקער עפענונג פונם סעזאָן, געעפנט אף אַ מאָמענט זײנע טירן און האט באוויזן דעם גרויסן פאַרזאַמלטן עולם א. ווייטערס „פּאַרטאָג" – ווי א רעוואָלוציאָנערע פאָרשטעלונג.

---

לויט דער קאַוואָנע פון א. ווייטער האָט „פּאַרטאָג" (דערשינען זומער פון 1907 יאָר) געזאָלט זיין א רעוואָלוציאנערע דראַמאַטישע פּאָעמע, אָבער לויט דער שטימונג און אידעאָלאָגיע איז „פּאַרטאָג" שוין ניט אַן אויסדרוק פונם באַגינען פון דער רעוואָלוציע, נאָר אן אויסדרוק פון א. ווייטערס רעוואָלוציאנערן אָפּגאַנג, פון זײן פּאָליטישן ביין-האַשמאָשעס-צושטאַנד. ס'איז דער אָנפאַנג פון זײן יערידע אלס ארבעטער-רעוואָלוציאנער. „פּאַרטאָג" איז דורכגעווייקט מיט קלייגבירגערלעכן נאַציאָנאַל-דעמאָקראַטיזם. דער הויפּט-פּערסאָנאַזש פון דער פּאָעמע, סאָניע, איז די פאַרקערפּערונג פון אָנמעכטיקייט, און ניט דערפאַר, וואָס זי איז ניט בעקויעך צו פאַרווירקלעכן אירע קלוימערשט רעוואָלוציאנערע טרוימען, נאָר ווייל אירע מרוימען גופא זײנען קליינבירגערלעך-אידישיסטישע. „דער נייער איד", „די אידישע היים" און די איבעריקע פּראַזעאָלאָגיע קאָנען עפשער האָבן פּערספּעקטיוון פון דער קומענדיקער אידישיסטישער קאָנפערענץ אין טשערנאָוויץ, נאָך וועלכער ס'וועט פאַר ווייטערן קומען בייסמעדרעש-בענקשאַפט, אָבער דער דויפעק פון רעוואָלוציע איבערהויפּט, שוין אָפּגערעדט פון ארבעטער-רעוואָלוציע, שלאָגט אין זײ לאַכלוטן ניט.

קינסטלעריש איז „פּאַרטאָג" אויך א זייער שוואַך ווערק. א דראַ־מאַטישע פּאָעמע אָן דראַמאַטישע האנדלונג, ריינע לירישע זעאונגען, וועלכע האָבן ניט די קראפט פון קינסטלערישע סימבאָלן.

דאָך האָט בעשאַיטוי דער „פּאַרטאָג" געהאַט א גרויסע באדייטונג. ס'איז געווען דער ערשטער פּרואוו אריינצופירן אין דער אידישער ליטעראטור רעוואָלוציאנערע מאָטיוון ניט פונם קאַבצאָנישן, ראָזנפעלדיש־רייזינישן שניט, נאָר אין פאַרנעם פון קינסטלערישער היינטוועלטישקייט. סאָניע איז די ערשטע מאָדערנע געשטאַלט אין אונזער דיכטונג, און אַלס אזעלכע איז זי די פּאָרגענגערין פון בערגעלסאָנס מירעלע. און — דער איקער—זי איז דער ערשטער קינסטלערישער אויסדרוק פונם טשוא־ווע-גאַנג פון דער געוועזענער רעוואָלוציאנערער אידישער אינטעליגענץ אין אַ מאָמענט, ווען זי האָט זיך נאָך אויפריכטיק געהאַלטן פאַר רע־וואָלוציאנער.

שוין פונם אויבן געזאָגטן איז צו זעען, וואָס פאַר א שוועריקייטן ס'זיינען פאָרגעשטאַנען פאַרן מלוכישן אידישן קאַמער-טעאַטער אין זיין ווילן צו גיבן דעם „פּאַרטאָג" אלס א רעוואָלוציאנערע פאָרשטעלונג.

אָבער אַן אָקטיאבר־ספּעקטאַקל איז מעכאַיעוו,—האט דער טעאַטער אָנגעשטרענגט אלע זיינע רייכע מעגלעכקייטן, קעדײמיט ניצאָכן ארויס־צוגיין פון דער פאַרלעגנהייט.

פריער פאַר אַלץ איז אויסגעקומען צו אָפּעררירן איבערן רײַן לי־טעראַרישן מאַטעריאל, איבער וויײטערס טעקסט. דער אינסצענירער אַ. מ. גראַנאָווסקי האט איבערגעזיפּט די פּאָעמע, האָט פון איר צונויפגע־קליבן אין איין בליץ אַלע פונקען פון רעוואָלוציאנערישקייט, וועלכע רייסן זיך פאָרט אין איר דורך. ס'איז אויסגעקומען איבערצושטעלן די יאָצרעס,—לעמאָשל, די באגייסטערטע טיראַדע פון איינעם פון די געסט (גערטנער) איז אריבערגעטראָגן אין ערשטן אַקט פונם לעצטן א. אַז. וו.

דאַן קומט די אינסצענירונג און די ריין סצענישע אינטער־פּרעטאַציע.

פונם ערשטן מאָמענט אָן פירט אונז די האנדלונג צום פינאַל — צום רעוואָלוציאָנערן „פּאַרטאָג". דער ערשטער אַקט—דער ערשטער רוף פון דער רעוואָלוציע (9-טער יאנוואַר 1905), בא וועלכן סאָניע (ערעז)

דערוואַכט פון איר אינטעליגענטיש-צעקראָכענער עקזיסטענץ. זי דערפילט, אַז „ער״ (נאַרוויד), די פאַרקערפערונג פון אָט דער עקזיסטענץ, איז שוין איבער איר קיין האַר ניט, זי דערפילט, אַז אין דער גענמיטלעך-בירגערלעכער שווייץ איז איר „נאַס און פויל און קאַלט״, און די בליץ-געדאַנקען פונם 2-טן גאַסט (גערטנער) וועקן אין איר אויף די ערשטע, דערווייל נאָך שוואַכע ערינערונגען פון איר ערשטער רעוואָלוציאָנערער יוגנט... און זי ווערט אנטשלאָפן אונטער וואונדערלעכער צו-רוף-מוזיק (פון יויסעף אכראָן).

וועט זי דערוואַכן?

אין צווייטן בילד הויבן זיך אָן כאַלוימעס-קאָשמאַרן און כאַלוימעס-צורופן!... פיגורן פון פאַרגאַנגענהייט, געשטאַלטן פון אַמאָל. די אָוועס און זייערע פאַרשיידענע גילגולים,—אָדער זיי זיינען אָדער טויטע אָבער אומבאַהאָלפענע. זיי ווילן שלעפן צוריק סאָניען, וועלכע דערקלערט אָבער, אַז זי וועט „זיך ראַנגלען״, זי וועט „ניט פאָלגן״. ס'דערשיינען פיגורן פון דער רעוואָלוציע—די „אומגעקומענע״ (ראַטבלום), דער „אומבאַקאַנטער״ (מיזראָכי), צו זיי איז אָבער סאָניע דערווייל נאָך ניט דערוואַקסן וועט זי מיט זיי מיטגיין?

דער גייסט פונם „אומבאַקאַנטן״, דער שטייג-סימבאָל פון דער רעוואָלוציע שוועבט איבער דעם בילד, די העלדישקייט פון דער רעוואָלוציע, די „אומגעקומענע״, וואַכט איבער סאָניען, און מיט זיי ווילן זיך ראַנגלען די קויכעס פון אַמאָל,—אָבער אומבאַהאָלפן זיינען זיי אין זייערע באַוועגונגען, געבראָכן קלינגען זייערע מאָטיוון אין אַכראָנס מוזיק, געשאָטנט איז זייער סוויווע אין דער אויסשטאַטונג. וועט סאָניע בלייבן אינמיטן—אָדער זי וועט זיך אנטשליסן?

קומט דאָס דריטע בילד—דער אַפּאָטעאָז. א פאַנטאַסטישע וואונדערשטאָט, וואָס ציט זיך אין דער הויך. אַף אַלע שפּיצן-הויכן דערשיינט דער „אומבאַקאַנטער״. אַהין, ארויף ציט זיך אַן אָנזאָגערישער קאַראַהאָד—רעוואָלוציאָנערע טרוים-פיגורן, וואָס שטייגן אין דער הויך. „וועסט גיין אָדער ניט?״ סאָניע גיט זיך אַריס אַהין, אין דער הויך. ס'דערהערן זיך פאַנפאַרן פון אויסלייזונג...

וואונדערלעכע גרופן, באזונדערס אין די באַלעט-זעאונגען, סטאַ-טוארע געשטאַלטן, שארפע באוועגונגען און זעלטן שיינע מוזיק, וואָס אלץ איז גויווער דעם כאַאָס פון פארגאנגענהייט און ווילנלאָזיקייט און רופט אהין, צו די הויכן פון דער רעוואלוציע.

פון די איינצלנע סצענישע שאפונגען דאַרף מען דאָ נאָך אונ-טערשטרייכן דעם זײַדן—מיכאָעלס, וואָס האט אויך אין „פאַרטאָג" גע-שאַפן א קלאַסישן ווייטערשן „זיידן".

דאָך איז „פאַרטאָג" ניט פון די בעסטע שטעלונגען פון א. מ. גראַנאָווסקי. פאר א סימבאָלישער אינסצעניגרונג איז זי אביסל צו פלאַ-קאַטיש, פאַר א רעוואָלוציאנערן פלאקאַט איז זי דורכגעדרונגען מיט אַ צו אבסטראַקטער כשיוועס. נאָר עפשער איז דאָס שוין ווייטערס שולד, וועלכער האָט קימאט קיין שטאָף ניט געגעבן פאר א הארמאָני-שער אינסצענירונג. און דערפאַר שיינט אונז אויך דער פון ס'ניי פאַר-פאַסטער פראָלאָג (פון כ' דאָברושין) צו זיין אביסל צו... קאָנפעטיש: ס'לוינט ניט צו ווייטערס פאַטעטישע באנאַלישקייטן צוגעבן נאָך נייע, אַפילע אין זיין סטיל אויסגעהאַלטענע. האַגאַם פון אידעאָלאָגישן שטאַנד-פונקט העלפט מיט דער פראָלאָג צו ראַטעווען דעם ספעקטאַקל פון ווייטערס נאַציאנאַל-דעמאָקראַטיזם...

## „גאט פון נעקאמע"

די פאָרשטעלונג פון „גאָט פון נעקאָמע" אף דער בינע פונם מלוכישן אידישן קאַמער-טעאַטער האָט דערוויזן צוויי זאַכן:

ערשטנס, אז דערדאָזיקער טעאַטער איז צו גרויס פאַר נישטיקייטן פון דער קליינבירגערלעכער דראמאטורגיע;

צווייטנס, אז עס איז גאנץ ריכטיק דער קלאַל, אז „אין אַ גרויסערווירטשאַפט קאָן אַלץ צונוץ קומען".

„גאָט פון נעקאָמע" איז די דריטע אַרבעט, וואָס דער אידישער קאַמער-טעאַטער האָט באַוויזן אין מאָסקווע,—די דריטע, אָבער די ניט גאָר באגרינדעטע פון רעפּערטואר-שטאנדפונקט.

דאָ ווילן מיר גלייך שאַפן קלאָרקייט. מיר בינדן ניט אָן דעם טעאַטער קיין באַשטימטן רעפּערטואר. דער אידישער קאַמער-טעאַטער געהערט צו די טעאַטערן, וואָס שאַפן זייערע פאָרשטעלונגען ניט לויט אַ באַשטימטן רעפּערטואַר, נאָר וואָס באַ זיי באקומט זיך א רעפּערטואר לויט די געשאפענע פאָרשטעלונגען. דער טעאַטער שטעלט זיך באַשטימטע סאָציאַל-קולטורעלע קונסט-אויפגאַבן, און לויט די געשטעלטע אויפגאבן זוכט ער צו ניט אזוי קאנקרעטע שטיק, ווי דראמאטורגישע סכעמעס, סצענישע קאוואָנעס.

זיינען די ערשטע צוויי פאָרשטעלונגען פונם אידישן קאַמער-טעאַטער גאנץ בארעכטיקט לויט דעם רעפּערטואר, וואָס האָט זיך פון זיי פאקטיש באַקומען. פונם „שאָלעם-אלייכעם אָונט" איז אָפּגערעדט.

---

דער אידישער קאַמער-טעאַטער איז לויט זיין עצעם בארופן דער ער-שטער צו שאַפן די טראַדיציעס פון דער אידישער טעאַטער-קולטור אין אלע אירע זשאנרען. און האָט ער זיך גענומען צו קאמעדיע, האָט ער געמוזט זיך ווענדן צום ליטעראַרישן אורקוואל פון אידישער קאמעדיש-קייט—צו שאָלעם-אַלייכעמען.

„דער שרייבער פארטראכט, דער לעזער דערטראכט"— זאָגט דער באוואוסטער רוסישער שרייבער וואלערי בריוסאָוו. דאָסזעלבע באציט זיך צו אלע געביטן פון קונסט. דער קינסטלער פארטראכט,— און ער גיט אַ פאראלגעמיינערטע סכעמע, וואָס דער לעזער, צושויער אָדער הערער דארף שוין פון זיך דערטראכטן, דערגאַנצן, באשטרייטן אָדער אנעמען.

איז אין שאָלעם-אלייכעמס ווערק ליגן פארבאָרגן געניאַלע סכע-מעס פון אידישן הומאר, זיי אנטהאלטן אזעלכע גרויסע און טיפע פאר-טראכטענישן, וואָס דער אידישער קאַמער-טעאטער קאָן פון זיי מאַכן נייע גרויסע פארקערפערטע סצענישע קאוואנעס, וועלכע מוזן דעם צו-שויער פארכאַפּן, רעגן, שטויסן, ברענגען אין היספאילעס אָדער אין גרימצאָרן. און דער „שאָלעם-אלייכעם-אָוונט" האָט באַוויזן, אז דורכן קאַמער-טעאטער וועט ענדלעך שאָלעם-אלייכעם ניט בלויז סצעניש, נאָר אפילע ריין ליטעראריש אויפגעריכט ווערן.

בארעכטיקט איז אויך אין אַ געוויסן זין די פארשטעלונג פון אַ. ווייטערס „פאַרטאָג". דער אידישער קאמער-טעאַטער האָט געדארפט און געוואָלט געבן אַ רעוואָלוציאָנערן געלגנהייט-פלאקאט פון אַ מא-דערנער ליטערארישער אָפּשטאמונג, האָט ער אויסגענוצט און איבער-געאַרבעט אף זיין שטייגער א. ווייטערס לאנגווייליקע דראמאטישע פּאָעמע.

אָבער „גאָט פון נעקאָמע"?

„גאָט פון נעקאָמע" איז באשאפן געוואָרן אַלס א שטיק פון אן אמאראצישן קליינבירגער, וועלכער האָט אנגעהויבן זיך „אינטעליגענט-לען". זיין שווארצערדישע נאטור פון אַ טוישעוו פונם „קוילערגעסל" האָט שאָלעם אַשן געצויגן צו שאפן אַ זאפטיקע פּאָלקסדראמע מיט אַ סאָציאַלן אינהאלט: דער אידיש-באלעגופישער „אויבן" בויט זיין מאטע-



„גאט פון נעקאָמע"

(3-טער אַקט).

ריעלן וואָילשטאַנד אַף דער עקספּלאַטאַציע פון דער „לעבעדיקער
סכוירע״ פונם הייזל „אונטן״ און וויל דערבײַ זיך נאָך פאַרזיכערן אוי-
לאָם-האַבע דורך אַריינפירן אינם „אויבן״ אַ „ריינקייט״, אַ סייפער=
טוירע. האָט אָבער דער דיבעק פון אינטעליגענטלען זיך געטריבן אַשן
אַף די וועגן פון „געהויבענע״ סיטואַציעס, ווי „קאַמף מיט גאָט״, „לויט
דאָסטאָיעווסקי״. דאָס האָט שפּעטער אָנגעהאַרגעט זיין „שאַבּסע צווי״.
דאָס האָט אויך צעשעדיקט „גאָט פון נעקאָמע״: דער סאָציאַלער אינ-
האַלט איז אויסגעלופטערט געוואָרן, און צו אַ „גאָטבאַקעמפערישער״
פּיעסע איז עס ניט געקומען. ווייל אַף אַלע גוואַלדן יאַנקל שאַבשאַ-
וויטשעס קעגן דעם קאַוויאַכל, ווען ער קערט אום מיט אַ לאַנגווײַ-
ליקן געפילדער זיין סייפערטוירע, קאָן מען טאָלסטאָיס ווערטער: „ער
שרעקט, און מיר איז ניט שרעקלעך״ אָנווענדן מיט מער רעכט, ווי
אַף דער סאַמע שוואַכסטער זאַך אַנדרייעווס.

פאַרשטייט זיך, אַף וויפל אין דעמאָלטיקן אַש איז נאָך געווען
גענוג פון זיין לעבעדיקער „קיילערגעסל״=נאַטור, פון דער נאַטור
פון נאָטע זשאַכלינער, פילן מיר נאָך אין „גאָט פון נעקאָמע״ אַ געוויסע
פרישקייט. יאַנקל שאַבשאָוויטש איז דער סטיכישער פּאָלקסמענטש,
וואָס באַנעמט זיין אומגליק, ווי אַן אומראַכמאָנעסדיקן גאַנג פונם שיק-
זאַל,—אַזוי ווי די אַלטע גריכן פלעגן דאָס באַנעמען. ניט געקוקט אַף
די אינטעליגענטלערישע מאַטערנישן פון אַשן, באַנעמט שאַבשאָוויטש
גאָט, ווי דעם שיקזאַל און ניט ווי דעם אידישלעכן קאַוויאַכל. זיין בונט
איז דער בונט פון אַ שטומער סטיכיע, זיין פּראָטעסט איז אַ שטומער,
וואָס ווערט דורכגעריסן דורך שטאַמלענדיקן געבריל.

און אַלס אַזעלכן האָט אים טאַקע געגעבן דער טאַלענטפולער
מיכאָעלס אין דער אינטערפּרעטאַציע פונם קאַמער-טעאַטער. דער רע-
זשיסער א. מ. גראַנאָווסקי האָט פאַרשאַרפט די פאַרשטעלונג ניט אַזוי
אַפן סאָציאַלן אינהאַלט פון דער פּיעסע, נאָר קעגן דעם ווערט פון רע-
ליגיע. אין קאַמף צווישן דער טומע פון זנוס מיט דער ריינקייט פון
רעליגיע האָט זיך די רעליגיע אַרויסגעוויזן פאַר פּוסט סײַ לעגאַבע
דעם באַלעגופישן „אויבן״, סײַ לעגאַבע דעם עקספּלאָאַטירטן „אונטן״.

אָבער עס איז געווען צו ווייניק שטאָף אין דער פּיעסע אף וואָס צו פארשארפן די פאָרשטעלונג. איז אכוץ מיכאָעלסעס שאבשאוויטש קימאט גארנישט ארויסגעקומען אין זין פון סצענישע פארקערפּערונגען.

אָבער „אין אַ גרויסער ווירטשאַפט קאָן אַלץ צונוץ קומען", האָט דער קאַמער־טעאַטער דאך זיך געקליגט צו באווייזן דאָ אייניקע וואונ־דערלעכע מאָמענטן.

ערשטנס, דעם שיינעם אויפטריט פון דער גרופּע ארימעלייט. אַ גאַנץ קאלאריטישע, קינסטלעריש ארגאנזשירטע גרופּע, וועלכע באַווייזט צום ערשטן מאָל אַף דער אידישער בינע, דערוויל נאָך אין אַ מיניאַ־טורישן פארנעם, ווי מע דארף איינריכטן מאַסן-סצענעס.

דערנאָך קומט די מאַמעש באצויבערנדיקע לירישע סצענע „אונטן", אין הייזל, ווען די מיידלעך לייענען און שפּילן די „רויבער-געשיכטע",— אַ סצענע, וועלכע איז ארייננעשטעלט געוואָרן אין „גאָט פון נעקאָמע" פון אשס אַ דערציילונג „אין אַ פרילינגס-נאַכט".

פון די איינצלנע אויספירער איז אויסער מיכאָעלסן צו פארציי־כענען די ארטיסטין ערעז, וועלכע האָט געגעבן אַ אינטעליגענטיש דורכ־געטראכטע מאנקע, א נאגנדבענקענדיקע געשטאלט פון אַ סטיכיש-ליי־דנשאפטלעכער נעקייווע פון אַ הייזל, וואָס, אויסגעמאטערט פון מענער־טאיווע, זוכט זי אויסצוגיסן איר אנגעזאמלטע עראטיק אף אַ רייַנער מיידל-פיגור...

אָבער דאָס זיינען אַלץ איינצלנע בליץ-מאָמענטן, וועלכע גיבן ניט אין זייער סאַכאַקל קיין גרויסע שאַפונג. דאָס וואָלט געווען אַ גוטע אָרדנטלעכע פאָרשטעלונג פאַר א דורכשניטלעך-גוטן טעאַטער פון אַ גאַנץ יאָר, ווען מיר זאָלן אזעלכע טעאַטערן פארמאָגן. אָבער דער קאַמער-טעאַטער איז ניט אַ „טעאַטער פון אַ גאַנץ יאָר", דאָס איז אַ טעאטער מיט אַ ברויזנדיקן טעמפּעראַמענט, מיט א דראַנגפולן גאַנג, — און „גאָט פון נעקאָמע" איז פאַר אים אַ צו גרויער שריט. די גע־שטאלט פון שאַבשאָוויטש אינטערעסירט, ווען מע זעט זי בעשאס דער פאָרשטעלונג—זי פארגעדענקט זיך לאַכלוטן ניט. ווייל צו דעם, וואָס אַש האָט פאַרטראַכט, איז ניטאָ וואָס צו דערטראַכטן. און די

גאַנצע שטעלונג איז ניט מער ווי אַ אילוסטראַציע, אז דער קאַמער-טעאַטער איז אַ גוט אָרגאַניזירטער קונסט-אַפּאַראַט, — אָבער ווער האָט דערין געצווייפלט?

דער קינסטלער ראַבינאָוויטש האָט דאָ ארויסגעוויזן זיין דעקאָראַ-טיווע פילפאַרביקייט און קאָלאָריטישקייט, ער האָט דאָ געמאכט א אינטערעסאַנטן פּרואוו צו פאַרוואַנדלען שטייגער אין עקזאָטיק, דערמיט אנטאַפּנדיק איינעם פון די אינטריגירנדיקע מאָמענטן אין דעם שאַפונגס-מעטאָד פונם קאמער-טעאטער. אָבער אין רעזולטאַט האָט זיך באַ אים באקומען אַ מין קאָסמאָפּאָליטישע סוויווע, אדאַנק די בוילעטע פארבן און מאַסקעס האָבן זיך פאַרלאָרן אלע סימאָנים פון יעדער סוויווע און פון יעדן שטייגער.

מיט איין וואָרט, נישטיקייטן פון קליינבירגערלעכער דראַמאַטורגיע זיינען ניט פאַרן אידישן קאמער-טעאטער, וועלכער האָט גאָר אַן אַנדער גאַנג, — דעם קאָלעקטיוון גאַנג פון דער אָקטיאַבר-עפּאָכע. האגאַם אַלס אַ סטודיע-אַרבעט האָט מיסטאמע דער ספּעקטאַקל זיין זינען, — נאָך איין שריט אַפן וועג פון אָרגאַניזירן דעם יונגן טעאַטער און אויס-קריסטאַליזירן אין אים איינצלנע אַקטיאָרן.

# „אוריעל אקאסטא“

### .I

### פראָגראַם־פאַרשטעלונג

דער מלוכישער אידישער קאַמער-טעאַטער האָט אַ זעלטענע אייגנשאַפט: אַף יעדער פרעמיערע זיינער לעבט איבער אַ דורכפאַל.. ניט דער טעאטער, כאָלילע, נאָר דאָס פובליקום...

מיר געדענקען נאָך דעם גייסט-צושטאַנד פונם אוילאָם אַף דער ערשטער פרעמיערע פונם קאמער־טעאטער אין מאָסקווע, — אַף דער ערשטער פאָרשטעלונג פונם „שאָלעם-אַלייכעם-אָוונט“ אין דער סטודיע אַף טשערנישעווסקי. ווען דער אוילאָם איז אריין אין צושויער־זאַל און האט דערזעען אף די ווענט די אידישע וואַקכאַנאַליע אדער קאַרנאַוואַל פון שאגאלן אלס אריינפיר אין אידישן טעאטער; ווען אין די אויגן האט זיך א וואָרף געטאָן דער שטרענגער שווארץ־סאמעטענער פאָרהאַנג מיט שאגאלס איבערקערטן ווייסן ציגעלע; ווען ס׳האָט זיך אויפגעהויבן דער פאָרהאנג און ס׳האָט זיך באוויזן דער סכעמאטישער וואגאָן, וואָס איז געווענדעט ערגעץ אין אומבאַשטימטקייט: „מע פאָרט — מע ווייסט וואוהין מע פאָרט?“; ווען ס׳איז אין „מאַזלטאָוו“ דערשינען דאָס וואונדערלעכע בילד, ווי מיכאָעלס — רעב אלטער, א מין פארקערפערטע אידישע דאָן-קיכאָט-לעגענדע, ציט זיך אין לופטמענטש-כאַלאַל מיט דער קרענקלעכער זיפץ־האָפענונג: „אַ-דוי-וי-ני!“; ווען גלייכצייטיק האָבן א שניט געטאָן אין די אויגן און אן עקבער געטאָן די מויכעס די געניאַל-אויסדרוקפולע גראנאָווסקיס זשעסטן, באוועגונגען און גרופי-

רונגען, — ווען דער אוילאָם האָט זיך פּלוצים דערזועען פּאָנים-על-פּאָנים מיט אזא אויסטערלישער קונסט-וועלט, האָט ער זיך גלייך דערפילט אויפגעבראכט, פּראַפאַנירט, אונטערדריקט, דערנידעריקט.

גלייך אָנטאַפּן דעם דויפעק פון א ניי אויפקומענדיקער שאַפונג, טייקעף אָפּשאַצן, אז עס הויבט זיך אָן א נייע טקופע אין דער געשיכטע טאַקע אין דעם ערשטן מאָמענט פון איר קריסטאַליזירונג, קאָנען נאָר אַ הוגאָ אָדער א געטע. בא דעם ערשטן ניצאָכן פון דער אַרמיי פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע בא וואלמי האָט געטע פאַרצייכנט אין זיין טאָגבוך: „היינט הויבט זיך אָן אַ נייע עפּאָכע אין דער וועלט-געשיכטע". וויקטאָר הוגאָ האָט בא די ערשטע שריט פון באָדלערן אים געשריבן: „איר האָט געשאַפן א נייעם צאפל". אָבער באַלעבאַטים און קליינבירגער, אַפילע ווען זיי פאַרנעמען זיך מיט שאַפן ליטעראַטור, זיינען מעסוגל באַם אָנזעען פון ניי-אויפקומענדיקע וועלטן דערפילן נאָר זייער ציין-ווייטאָק, ווי בארטואוויע אין אַנדרייעווס דערציילונג.

און מיטן „שאָלעם-אַלייכעם-אָוונט" אין אידישן קאַמער-טעאטער האָט זיך אין דער אידישער קונסט-קולטור אָנגעהויבן א נייע גרויסע רעוואָלוציאָנערע עפּאָכע, אַן עפּאָכע, וואָס איז מיט איר גאנצן שארף געווענדעט קעגן דעם גאנצן אידישלעכן און אידישיסטישן אַלטוואַרג פון אונזער ליטעראטור און קונסט, אַן עפּאָכע, וואָס איז דורכגעזאַפּט מיט אָקטיאַבר-דראַנג. האָבן איינע זיך דערשראָקן פאַר דעם נייעם דראַנג, און די אנדערע האָבן דערפילט זייער אידישיסטישן ציין-ווייטאָק...

און זינט יענער פּרעמיערע האָט שוין דער אידישער קאמער-טע-אַטער געהאט עטלעכע פּרעמיערעס מיטן זעלבן עפעקט: דער טעאטער גייט בארג ארויף, און דאָס פּובליקום באַרג אַראָפּ, — דאָס פּובליקום אויסער דעם בינטל ארבעטער און קאָמוניסטן אין מאָסקווע. עמעסע, אָרגאנישע קינדער פון דער אָקטיאבר-רעוואָלוציע האָבן דעם טעאטער גלייך אויפגענומען מיט באגייסטערונג, האַגאַם אָפּטמאָל מיט פאַרלעגע-נער באגייסטערונג...

אָבער דעם גרעסטן דורכפאַל האָט דאָס קליינבירגערלעכע פובליקום איבערגעלעבט אַף דער פרעמיערע פון „אוריעל אַקאָסטא“, און ס׳איז קיין כידעש ניט: אין „אוריעל“ האָט דער טעאטער אונטערגעטראָגן דעם אוילאָם וויינע נייע שאַפונגס-מעטאָדן אין דער סאַמע קאָנדענסירטער פאָרם.

ערשטנס, די ריין-אויסערלעכע פראַכט, וועלכע באדריקט אומגעוויינלעך די באנציִשווייגישע טרוימען פון אידישיסטישער קונסט. אזעלכע מאָנומענטאַלע דעקאָראַטיווע קאָנסטרוקציעס, ווי נאַטאַן אַלטמאַנס אין „אוריעל אַקאָסטא“, איז א זעלטנהייט אפילע אף דער ניטאידישער בינע, פון דער אידישער בינע שוין אינגאנצן אָפגערעדט.

צווייטנס, א דראַמע, וואו קאָנפליקטן פון גייסט און נעשאָמע-איבערלעבונגען ווערן דיפערענצירט לויט מאַטעמאַטישע פאָרמולן און איבערגעגעבן דורך אויסגערעכנטע בוילעטע זשעסטן און באַוועגונגען, און ווערן דורך דעם ס׳נטעזירט און דערהויבן צו אָביעקטיווע געפילן-אידייען.

דריטנס, די שפראַך פון „אוריעל“. א פרואוו צו געבן אַף דער אידישער בינע א דראַמאַטישן סטיל פון א הויכן אידייאישן שניט, אָפהיטנדיק דערביי דעם מישקל פון גוצקאָווס זעקספוסיקן יאַמב *).

* * *

„אוריעל“ איז א טעאטער-ווערק מיט גוואלדיקן קפיצעס-האַדערעך, ס׳איז שטארק ווייט פארלאָפן פאָרויס דער סוויווע, און וועלכער ס׳איז באַשאַפן געוואָרן. „אוריעל“ איז ריינע קונסט פון אַזאַ מאַדרייגע, אז זי גייט שוין אליין אריבער אין אידעאָלאָגיע. אָבער אפילע די, וואָס פאָדערן פון קונסט אין דער ערשטער ריי אידעאָלאָגישן אָפזאַץ, האָבן זיך נאָך ניט אויסגעלערנט אויסלייענען אידעאָלאָגישן אינהאַלט פון בוילעטער פאָרם. איז „אוריעל“ פאַרבליבן א מין הויכשול אין א סוויווע, וועלכע נויטיקט זיך אין א שול פאַר איוורע...

---

*) פוס אין ווערסיפיקאציע הייסט אַ באַשטימטע צאָל זילבן מיט איין טראָפּ. יאַמב הייסט אַ צווייזילביקער טראַט מיטן טראָפּ אַפן צווייטן טראַט.

לאָמיר נעמען אַלטמאַנס קאָנסטרוקציעס. צי מע וויל דאָס יאָ, צי מע וויל דאָס ניט, נאָר זיי פאַרכאַפּן דאָס אויג און באַהערשן דעם מויאַך, מע פילט גלייך, אַז דאָס איז אַ גרויסער יעש. קומען כאַכמיי-קאַסרילעווקע און זאָגן: אַלטמאַנס דעקאָראַציעס האָבן אויפגעגעסן דעם ספּעקטאַקל, די מאָנומענטאַלע קאָנסטרוקציעס האָבן אַיינגעשלונגען די שוואַכע פאָרשטעלונג. נאָר דערמיט באַווייזן זיי, אַז זיי פאַרשטייען ניט גראַנאָווסקיס אַרט שאַפן. גראַנאָווסקי קלייבט אויס פאַר יעדער טעאַטראַלער קאַוואַנע זיינער דעם קינסטלער, וועלכן ער דאַרף, און נעמט באַ אים דאָס, וואָס ס׳איז פאַר אים נויטיק. און פאַר דעם אומרו פונם פרייען געדאַנק, וואָס פאַלט אַ קאָרבן פונם פאַרשטיינערט-פּאָמפּעזן אידיש-גווירישן מיטלאַטער האָט גראַנאָווסקי קיין אַנדער קינסטלער, ווי נאַטאַן אַלטמאַן, ניט געקאָנט געפינען.

די שול איז שטרענג אומבאַוועגלעך, די טרעפּ, וואָס פירן צו איר, זיינען רואיק, גראַד און אויסגעטראָטן. די גווירישע „אינטעריערן" וואַנדערשטאַטנס זיינען זעלבסטצופרידן-זאַטע און פּאָמפּעז-געטראָפּענע רעטענישן. אָבער די טרעפּ, וואָס פירן פון וואַנדערשטאַטנס הויז, שלענגלען זיך שוין אין דראַנגפולן אומרו און זאָגן אָן אַליאַרם פונם קומענדיקן נייעם גייסט. דער קאַבינעט פונם געשטרויכלטן „אַרצט" (דאָקטאָר) און „דענקער", דע סילוואַ, וועלכער איז נאָך פול מיט האַכנאָע פאַר דער „קהילע קעדושע" און איז שוין אויפגעבראַכט קעגן דער ראַבאָנישער אינקוויזיציע, איז פול מיט אינערלעכן גערודער. וואָס ווערט באַשטימט דורך וואָס: דער אומרו פון נאַרוויד-דע-סילוואַס ריידן, זשעסטן און באַוועגונגען דורך אַלטמאַנס דעקאָראַטיווער אַרומרינגלונג? אָדער פאַרקערט? זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז אַלץ צוזאַמען ווערט דאָ באַשטימט דורך גראַנאָווסקיס קאַוואָנע און איר סצענישער אויספירונג...

אַלטמאַנס ראַציאָנאַליסטישע בוילעטקייט און כפּייצישקייט האָט זיך באַזונדערס אין „אוריעל אַקאָסטאַ" אַרויסגעוויזן פאַר העכסט צוגעפּאַסט צו גראַנאָווסקיס שאַפונגס-מעטאָדן.

ניט געקוקט אַף דער וואונדערלעכער שיינקייט און קרעפטיקייט פון אַלטמאַנס דעקאָראַציעס, זיינען זיי דאָך ניט מער, ווי „מיטשפּילער"

אין „אוריעל אַקאָסטא. די פּאמפּעז-פּלאַכע וועלט פון די וואנדערשטאטנס און זייערע מאנעקענישע געסט האָבן זייער מאטעריעלע ארומרינגלונג אין אנטשפּרעכנדיקע קאָנסטרוקציעס; דער אָפּגעלעבטער רעליגיעזער מיטלאל-טער מיט דע-סאַנטאָסן בערויש האָט זיך זיין אָפּשפּיגלונג אין דער טויטער מאָנומענטאלקייט פון דער שול, און אלטמאנס קאָנסטרוקציעס הויבן אָן שפּילן מיט אינערלעכן אומרו, ווען אף דער בינע דערשיינט אוריעל אָדער אין צוזאמענשטויס מיט דע-סילוואן אָדער אין ליידנשאַפט צו יעהודיס. און אין בילד פון דער זעעניש מיט דער מוטער באקומט אלטמאנס געביי אפילע די טרויעריקע אידילישקייט פון א געצוואונגע-נער בארוטקייט פון געמיט...

אוריעל, לויט דער קאַוואָנע פונם רעזשיסער. גראַנאָווסקי אין דער אינטערפּרעטאציע פונם אַרטיסט מיכאָעלס, איז ניט קיין העלד, ווי עס פאַרשטייט אים גוצקאָוו און פון גוצקאָוון אָן די טעאַטראלע טראדיציע, נאָר אַ קאָרבן. דער ערשטער בליק פונם פרייעם געדאנק, דער פּריצייטיקער אָנזאָג אַפן קומענדיקן ספּינאָזא, איז נאָך אוריעל צו אומבאהאָלפן אין זיין געראַנגל מיטן ראַבאָניש-גווירישן מיטלאַלטער, ווייל אין לעצטן סאכאקל געפינט זיך נאָך זיין גייסט אין דער מאכט פון אינדיווידועלע איבערלעבונגען. און צווישן דעם אומשאָלעמדיקן מיטל-אַלטער און די פּריוואַטע ליידנשאַפטן פון זיין יאָכיד-לעבן ווערט דער-שטיקט זיין בראָכיקער בייגייסט.

דערפאַר טאַקע דערשיינט מיכאָעלס-אוריעל שוין אין ערשטן אויפטריט א באדריקטער און גייט אוועק פון דער בינע אין לעצטן אויפטריט א פאַרמישפּעטער. אוריעל ווערט באַזיגט, אָבער דער מיטלאלטער קומט ניט אַרויס אין אידישן קאמער-טעאטער קיין זיגער: ער איז אויך א פאַרמישפּעטער. דער מיטלאלטער האָט דאָ שוין קיין קויאַך ניט צו זיגן: ניט די מאַנעקענעס פון וואנדער-שטאטנס מעמשאָלע, ניט די צעשראָקענע גווירישע „צאן קאָדשים" (היי-ליקע שאָף) פון רעב סאַנטאָסעס אײדע זיינען מעסוגל צו זיגן. אוריעל איז נאָך ניט בעקויאַך צו זיגן, — ער איז נאָך צו פאַרבונדן מיטן אלטן קלאַל („שילט, איר מעגט, איך בין א איד!")...

אָבער דער ארטיסט מיכאָעלס פאַלט אָפט ארײַן אין העלדישן פאַטאָס, באַקומט זיך א מין דואַליזם אין דער אויספירונג: דער קאָרבן מוז דערשטיקט ווערן דורך דער מאָנומענטאַלקייט פון דער אַלטמאַנישער מאַנעקענען-וועלט, דער אומרו מוז זי איבערודערן, דער העלדישער פאַטאָס קלינגט דאָ איבער די קוױכעס.

דערפאַר איז נארוויד-דעסילוואַ, וואָס קליגט זיך „צווישן", פול מיט שלאַנגען-אומרו, מיט מעפיסטאָפלשן אימפּעט, ס'איז געגעבן גע-וואָרן א געשטאַלט פון א מיטלאַלטערלעכן „דאָקטאָר", וועלכער קוקט מיטאַמאָל אין צוויי וועלטן. און דאָס אַלץ שפּאַרט פון דער שפּראַך, פון די זשעסטן, פון די באַוועגונגען.

* * *

אין אַלגעמײַן איז „אוריעל" א גאָר גרויסע רעזשי-ארבעט, וועלכע איז ניט בלויז ווײַט אריבערגעוואַקסן דאָס פּובליקום, נאָר האָט נאָך אויך ניט באַוויזן אײַנגאַנצן דערהויבן צו זיך די אַרטיסטן. דערפאַר האָבן מיר א פאַרבלענדנדיקן אַנסאַמבל, א שלאַל פאָרמעלע דערגרייכונגען און אידייען, אָבער קימאַט קיין אײַנצלנע סצענישע געשטאַלט, וואָס זאָל זײַן אויסגערעכנט אַף לאַנגן דויער. ס'איז א גרויסע פּראָגראַם-פאָרשטעלונג, וועלכע וואַרט נאָך אַף איר פּובליקום און... אירע אויספירער...

מיר ווייסן פון אזעלכע פאַלן אין דער קונסט-וועלט.

מיר זײַנען אָבער זיכער, אז צו דערדאָזיקער פאָרשטעלונג וועט זיך נאָך דער טעאַטער מוזן אומקערן, האַגאַם עפּשער שוין ניט דאַפקע מיט „אוריעל אַקאָסטאַ", ווײַל סאָפּקאָלסאָף האָט אייגנטלעך ניט געלוינט אזא גרויסע שפּערישע אַשירעס פארשווענדן אַף אזא נישטיקע פּיעסע.

.II

## רעאליזם פון מארגן

גלייך נאָך דער ערשטער פארשטעלונג פון „אוריעל אקאָסטא״ אין אידישן קאַמער-טעאַטער האָט אַ גוטער קאמוניסט, כ. מאראז, אין „עמעס״ (נום. 95, יאָר 1922) אפגעדרוקט אן ארטיקל אונטערן נאָמען: „מער רעאליזם!״, אין וועלכן ער האָט, צווישן אנדערע מאָמענטן, געשריבן:

„דער איינציקער אין מאָסקווע אידישער מלוכע-טעאטער, גלענצנד אויסגעשטאט (אויסערלעך), אַן אויסגעצייכנטע טרופע, א גוטע פיעסע („אוריעל אַקאָסטא״), און פון טעאטער גייסטו אוועק מיט א געדריקטן געפיל, דו באַדויערסט עפּעס, ס'טוט ווי דאָס האַרץ. וואָס איז די מאַיסע? דער אידישער מלוכע-טעאטער איז א קאַמער-טעאַטער, און דאָס פאטערט אלץ אוועק, סאי די טרופּע, סאי די שפּיל. צוליבן צוגאָב פונם וואָרט „קאמער״ מוז דער אידישער טעאטער אויסהאלטן די פירמע, און ד'ערי-בער זיינען אין גרים ניט קיין נאטירלעכע נעזער, רויטע בערד, ניט קיין נאטירלעכע זשעסטן און פּאָזעס, אומפארשטענדלעכע דעקאָראציעס און נאך אַסאַך, אַסאַך אזוינס, וואָס עס איז אבסאָלוט פרעמד דער פאָרשטעלונג וועגן אַ אידישן טעאַטער.

איך שטרייך אונטער „וועגן אַ אידישן״, וואָרום גלייך נאָך „כינקע-פינקע״, נאָך דער „קאָלדוניע״, נאָך „מאלקעלע סאָלדאט״ א. א. וו., א. א. וו.,—און גראד זיי האָבן דאָך געצויגן צו זיך אין טויזנטער די אי-דישע ארימקייט, דאָס איז דאָך א פאקט,—גלייך נאָכדעם דערציען די אידישע מאסן (און דערדאָזיקער טעאטער איז דאָך פאר איר—ער איז דאָך דערפאר א מלוכע-טעאַטער) אף „קאַמער״-קונסט, באטייט פאר-

וואנדלען אָט דעם טעאטער אין א פארזאמלונגס-ארט פאר זיך לאנג-
ווײלנדיקע נעפּמאנעס אדער פאר צעקראָכענע אינטעליגענטן. די אידישע
מאסע מוז האָבן א טעאטער, וואָס זאָל זיין פארשטענדלעך פאר איר.
מע קאָן ניט די כײרעם-סצענע פון „אוריעל אקאָסטא״ פאָרשטעלן אזוי,
אז אסאך זאָלן מיינען, אז ס׳איז עפּעס א סצענע פון מעשוגאָאים.
רעאליזם און נאָך אמאָל רעאַליזם—אָט אין וואָס עס נויטיקט זיך דער
אידישער טעאטער״.

* * *

„אוריעל אקאָסטא״ איז דער ערשטער פּרואוו פונם מלוכישן אי-
דישן קאמער-טעאטער צו געבן א פארשטעלונג פון גרויסן סטיל. דאָס
איז איינער פון זיינע ערשטע שריט צו רעאליזירן אין אַ גרויסן מאס-
שטאב דאָס נייע, וואָס ער טראגט מיט זיך ניט בלויז פאר דער אידי-
שער טעאטער-קונסט, נאָר פאר דער טעאטער-קונסט איבערהויפּט. פאר
א טעאַטער, ווי דער מלוכישער אידישער קאמער-טעאטער, וואָס איז
באשאפן געוואָרן דורך דער אקטיאבר-רעוואָלוציע און אריענטירט זיך
אויסשליסלעך אף די מאסן, איז יעדער אויפריכטיקער אפּקלאנג פון די-
דאָזיקע מאסן זייער וויכטיק און שאצבאר, ווי פארגרייזט דערדאָזיקער
אפּקלאנג זאָל ניט זיין.

די ערשטע ארויסטרעטונגען פונם אידישן קאמער-טעאטער אין
מאָסקווע, נאָך אף דער קליינער שאגאל-בינע אף טשערנישעווסקי, האָבן
מיט זייער איבערראשנדיקער נייקייט און אינערלעך - רעוואלוציאָנערן
קונסט-דראנג שטארק אויסגענומען באַ דעם בינטל אידישע ארבעטער
און קאמוניסטן, וואָס מאָסקווע פארמאָגט, און נאָך מער אויפגעבראכט
די קליינבירגערלעכע אידישיסטן פון אונזער ליטעראטור און, פארשטייט
זיך, די אומלעגאלע גווירישע-סאָכרישע שכינע, וואָס אינדערוואכן איז זי
פארוואגלט אין די „פינטעלע איד״-„טעאטערן״ און אין נעשאָמע-יע-
סײרע-מאָמענטן פלאטערט זי איבער די פארשטעלונגען פון „האבימאַ״.

און איצט, ווען דער טעאַטער האָט באַוויזן זיין ערשטע אַרבעט
אַף אַ גרעסערער בינע, און דאפקע אן אַרבעט, וואָס שטעלט מיט זיך
פאר ניט בלויז די דערהויבנסטע דערגרייכונג פון א ו נ ז ע ר מאדערנער

מאסאווער קונסט-קולטור, נאָך איינע פון די גרעסטע דערגרייכונגען אין דער טעאטער-קונסט ביכלאל, הערן מיר א פארלעגנהייט-אָפּקלאנג אויך מיצאַד איינעם פון די איבערגעגעבנסטע מאַסן-טוער אונזערע. דאָס איז א טרויעריקער איבערגאנגס-פאקט פון געוויסער וויכטיקייט, וועלכער פארדינט דעריבער אן ערנסטע באהאנדלונג.

* * *

כ. אסינסקי, אַ גאַנץ קוואליפיצירטער פארטייאיש-סאָוועטישער טוער, האָט בעשאיטוי אָפּגעדרוקט אין „פּראַוודאַ" אַ גרויסן און זייער אינטערעסאַנטן ארטיקל וועגן דער נייער רוסישער ליטעראַטור. אין דעם ארטיקל האָט כ. אסינסקי איראניש גערעדט וועגן די סאָוועטישע גואוורנאנטינס, וועלכע האלטן אין איין מאדריך זיין די קונסט און אין איין ציטערן, אז עס זאָל אין איר כאליליע ניט פארשוועכט ווערן דער געשמאק און פארשטאנד פון די אַרבעטער-מאַסן. ער האָט אפילע ארויסגעוויזן פיל מער סימפּאַטיעס צום פוטוריסט מאיאקאָווסקי, ווי צו אייניקע פאטענטירטע „פּראָלעטאַרישע" דיכטער.

צי האָט כ' מאראז ניט א טראכט געטאָן, אז עפשער שטעקט אין זיין צוגאנג צום אידישן קאַמער-טעאַטער עפּיס פון אזא מין סאָוועטישער גואוורנאַנטין? „רעאַליזם און נאָך אַ מאָל רעאַליזם—אָט אין וואָס עס נויטיקט זיך דער אידישער טעאַטער",—מיינט דער כ' מאָראָז. אָבער „רעאליזמען" זיינען דאָך אויך פאראן פארשיידענע. אָט זיינען, לעמאָשל,—איך כאַפּ דעם ערשטן ביישפּיל,—טורגעניעווס „שריפטן פון אַ יעגער" רעאַליסטיש, און רעאַליסטיש איז געווען גריגאָראָוויטשעס „אַנטאָן גאָרעמיקא", וועלכער האָט בעשאיטוי ארויסגערופן אַזאַ היספּאילעס, ווייל ער האָט „רעאַליסטיש" געקיצלט די טרערן-קאַנאַלן. זיינען טאַקע טורגעניעווס „שריפטן פון אַ יעגער" פאַרבליבן אין דער ליטעראַטור, און „אַנטאָן גאָרעמיקא" איז אפילע אָפּגעמעקט געוואָרן פון זיקאָרן, ווייל... ווייל ער איז געווען געשריבן לויטן געשמאַק פון די דעמאָלטיקע פאָלקיסטישע גואוורנאנטינס...

דער געוויינלעכער „רעאַליסטישער" צוגאנג אינעם אידישן טעאַטער איז שטענדיק געווען געווענדעט צו באַפרידיקן דאָס „פּינטעלע איד",

וואָס לעבט, צום באדויערן, ניט בלויז אינם אידישן באַלעבאָס און קליינ-בירגער, נאָר אפילע אינם אידישן אַרבעטער-רעוואָלוציאָנער, ווען ער געפינט זיך שוין אפילע אויסער דער אידישער סוויווע. אין אירישן טעאַטער קומט מען קלייבן נאכעס פון א אידישלעכער האַוואַיע, גערירט ווערן פון א אידישלעכן טרער, כאַפּן אַ אידישן לאַך... דער אלטער אי-דישער שטייגער רינגלט אונז נאָך ארום, ער לאָקערט נאָך אַף אונז אין אונזערע נעשאָמעס,—די קונסט דארף באַשאַפן אַ מעהאלעך צווישן אונז און דעמדראָזיקן שטייגער, זי מוז אים „סטיליזירן", נאָר דאַן וועט זי קאָנען מיטהעלפן אונז אין אונזער רעוואָלוציאָנערן שטרעבן אים גויוועד צו זיין.

„אַגענטן" און „מאַזלטאָוו" שטעלט מען אלס אנעקדאָטן, אלס ווי-ציקע סיטואציעס, און אפילע באַריסאָיו נעמט זיך דערפאר, פארשא-פנדיק נאכעס דאפקע פאַר די נעפּ-לייט. אינם קאַמער-טעאטער ווערט שאָלעם-אַלייכעם דאפקע דורך די אויסטערלישע פּאָזעס, דורך שאַגאַלס אוילאָם-הטויע-גרים און דעקאָראַציעס דערהויבן, און דער קליינבירגער-לעכער אוילאָם ווערט אויפגערעגט, ער קאָן פריי ניט לאכן, ווייל ס׳קלינגט אים אין די אויערן דעם גאראדניטשיס פארצווייפלטער אויס-געשריי: „פון וואָס לאַכט איר? פון זיך אליין לאכט איר!".

און אזוי אויך אין „גאָט פון נעקאָמע". געוויינלעך איז עס אַ סאַנטימענטאַלע דראַמע וועגן אַ נעבעך-מישפּאָכע, וועלכע איז אזוי פאר-זונקען אין שמוץ, אז אפילע די סייפער-טוירע קאָן איר שוין ניט העלפן. אינם אידישן קאַמער-טעאַטער ווערט עס פארוואנדלט אין א קאָנפליקט צווישן די סאָציאַלע לעבן-סטיכיעס און דער רעליגיע, אין וועלכע ס׳ווייזט זיך ארויס די פוסטקייט פון דער לעצטער. און דאָס ווערט דערגרייכט דורך א באַשטימטער סטיליזאציע, דורך אויסגערעכנטע זשעסטן, דורך א רעגנדיקן גרים און אינעווייניק אומרואיקע דעקאָראַציעס.

„אוריעל אַקאָסטא"?

„אומפארשטענדלעכע דעקאראציעס", „ניטנאטירלעכע זשעסטן און פּאָזעס",—קלאָגט זיך כ׳ מאָראָז. דעקאָראציעס, וועלכע דריקן וואונדער-לעך אויס דעם גייסט פון דער פּיעסע אין דער אינטערפּרעטאציע פונם

קאַמער-טעאַטער, א קאָנפליקט צווישן צוויי וועלטן: אַ וועלט פון זאַטער און זעלבסטצופרידענער טראַדיציאָנאַלישקייט און א וועלט פון גייסטיקער מרידע, אָבער פון א מרידע, וועלכע איז נאָך דערווייל ניט דערוואַקסן ביז ניצאָכן. ווייל ערשט נאָך דעם אומקומענדן אקאָסטא וועט קומען דער זיגרייכער ספינאָזא. בייטן זיך די דעקאָראַציעס: די פאמפעזע זעלבסטצופרידנקייט פון וואנדערשטאטנס פאַלעץ מיט זיינע מאנעקענישע געסט, די לויפנדיקע טרעפ, פול מיט אומרו, די שול מיט איר פייערלעכער פארשטיינערטקייט... און אין דעם סטיל אויך די באוועגונגען, די קאָסטיומען—מע דארף דערצו צוגעוואוינט ווערן, ווייל אין אידיש זיינען מיר אזוי געוואוינט צו אלטעגלעכקייט, צו צעקייען און אריינלייגן אין מויל, צו „נאַש-בראַט"-געגנג.

כ׳ מאָראָז איז, ווייזט אויס, אן אָנהענגער פון אַ טעאַטער פון סטיכישע „איבערלעבונגען". די נייע קונסט שטרעבט צו באַהערשן די סטיכישקייט, צו ארבעטן ניט דורך דער עמאציע, נאָר דורך דער „ראַציע", דורך דעם אָרגאַניזירטן פארשטאַנד. און וואָס איז דער מאַרקסיזם, דער קאָמוניזם, אויב ניט דאָס שטרעבן צו באהערשן די סטיכיע פון דער עמאָציע דורכן אָרגאַניזירטן פארשטאנד? ניט שטענדיק גיט זיך עס איין אין סאָציאַלן לעבן. נאָך ווייניקער גיט זיך עס איין אין דער קונסט. אָבער פארשטיין די טענדענץ דארף מען, מוז מען.

דער אידישער קאַמער-טעאטער גלייכט זיך לויטן פראָנט ניט פונם אידישן טעאַטער,—אַ אידישער טעאַטער איז ביז דער לעצטער צייט קימאַט ווי ניט געווען, האגאם אפילו באַ קאָרשן האָט מען זיך א לאנגע צייט געקוויקט מיט יאַקאָוו גאָרדינען,—נאָר לויטן אייראָפעאישן. רעקאָמענדירט כ׳ מאָראָז גיין טריט באַ טריט, ניט היפערן קיין „אָרגאנישע" פאַזן אין זיין אנטוויקלונג? אין פאָליטיק לייקנט כ׳ מאָראָז אָפּ אַזאַ קוק: דאָס אָפּגעשטאַנענע רוסלאנד האָט געוואגט, האָט געדארפט וואגן מיט אַמאָל איבערצוגיין צו אַ פראָלעטארישער ראַטנס־סטעם. אין געוויסן זינען קומט פאָר אן ענלעכער פראָצעס אין דער אידישער קונסט: ווייל דער „אלטער רעזשים" אין אונזער קונסט איז געווען שוואַך, גייען מיר מיטאַמאָל אריבער צו די נייסטע עטאַפּן פון די מאָדערנע דערגרייכונגען.

פארשטייט זיך, דאָ מוזן פאַרקומען גוזמאָעס, מע וועט דארפן פארלאנג־זאמען דעם טראָט, פון פילעס זיך אָפּזאָגן—אָבער איצטער איז נאָך אלץ צו יונג און פריש, און זאָל כ׳ מאָראָז, אלס אויפמערקזאמער צושויער, זיך דערצו באַציען מיט געדולד און... פאַרזיכט... ווייל עס איז פאראן רעאליזם ניט בלויז פון היינט, נאָר אויך פון מאָרגן.

# „קישעפמאכערין״

## I

## אַן אויצער פון פאָלקשפיל

1

אַזאַ מאילע האָט שוין דער מלוכישער אידישער קאַמער-טעאַטער אין מאָסקווע: יעדע נייע פאָרשטעלונג זייגע רופט ארויס א שטורעם. איין טייל אוילאם פאלט אריין אין דער גרעסטער היספאילעס פון דער פאָרשטעלונג, דער צווייטער באקומט, קאָן מען זאָגן, די ניכפע פון אויפגעבראכטקייט און צאָרן, און די דריטע פארבלייבן פארלאָרענע אין מיטן, אָדער ניט באשליסנדיק זיך ארויסזאָגן אָפן זייער האַנאָע אָדער ניט האָבנדיק גענוג מוט צו מאַניפעסטירן אפן זייער בלוטלאָזע צוגעבונדנקייט צו די אלטמאָדישע גוסטן איבערהויפּט און צום אלטפרענקישן „מיר—אידן״ ביפראט.

נאָר באזונדערס פארשארפטעליידנשאפטן האָט ארויסגערופן די „קישעפמאכערין״. א דערהויבענע טעאטער-שפיל, וואָס פון איין זייט טרעפט זי מיט איין מעכטיקן קלאַפּ אין די קינסטלערישע און קולטורעל-פּאָליטישע אינערציע, באגרעניצטקייט און קאָנסערוואטיזם, און פון דער צווייטער זייט שטעלט זי מיט זיך פאָר איינע פון די שענסטע דערגרייכונגען אין דער טעאטער-קונסט, א דערגרייכונג, וואָס איר אינטערעס און ווערט זיינען באזונדערס גרויס פאר אונז, פאר דער אידישער אַרבעטער-סוויוע, ווייל אין איר האָבן באקומען זייער גרעסטן טיקן די פאָרמען פון דער אידישער פאָלקסטימלעכער טעאטראלישקייט.

די „קישעפמאכערין״ אף דער בינע פון אידישן קאמער-טעאַטער איז מאמעש אן אויצער פון אידישער שפיל, וועלכע ווערט געלייטערט און דערהויבן ביז דער העכסטער מאדרייגע פון מאָדערנער קונסט. אלץ

שפילט אַף דער בינע: די אַרטיסטן, די קאָסטיומען, די דעקאָראַציעס, די מוזיק, די טענץ, די ליכט, די פאַרבן — אָפּט אַפילו דער צושויער־אוילאָם. פונם ערשטן אויפהויבן דעם פאָרהאַנג ביז זיין לעצטן פאַלן ברויזט עס מיט באַוועגונג, ליכט, פרייד, באַשטראַלטן לאַכן. ס׳לעבן אויף אין אַ נייעם גילגול די פאַרוואַרלאָזטע מאַסקעס פון דער אַלט־אַי־דישער פאָלקס־שפּיל, די פיגורן פונם באַדכן, גאַסן־זינגער, מאַסן־לעץ, אידישן גאַזלען, פון אידישע שיידים און רוכעס, אידישע קלעזמער, פון אידישע קאַפּעלעס,— און „אַ קאַפּעלע איז מער, ווי אַ מיניען״,— זאָגט יויעל אין פּערעצעס „וואָס אין פידעלע שטעקט״.

די „קישעפמאַכערין״ איז, ווי ס׳ווערט געזאָגט אין דער פּראָגראַם, „אַ אידישע שפּיל לויט גאָלדפאַדענען״. אָבער ס׳איז ניט גאָלדפאַדן. אַווראָם גאָלדפאַדן איז געווען דער לעצטער פון די פאַרלאָרן געגאַנגענע געניאַלע אידישע באַדכאָנים, מאַרשאַלעקן, פורים־שפּילער. אין אים האָט געלעבט די אינטואיטיווע קראַפט פונם אידישן מאַסן־קאָמעדיאַנט. ער איז געווען באַרופן צו באַנייען און פאַרפעסטיקן די מעסוירע פון דער אידישער פאָלקשפּיל. האָט ער געשאַפן סכעמעס פאַר דראַמאַטישע האַנדלונגען, סקעלעטן פאַר טעאַטער־שפּילן. אָבער ניט דער דאָר און ניט די סוויווע זיינען דעמאָלט געווען מעסוגל צו שאַפן דעם מאָדער־נעם אידישן קונסט־טעאַטער. איז גאָלדפאַדן געווען אָביעקטיוו געצוואונגען אָנטאָן זיין האַנדלונג אין שאָמערשע סיוזשעטן און זיי פאַרקער־פערן אַף דער בינע אין וואָדעווילן ווערשער שפּיל. איז אַוועק אַ גאַנג פון „אידישע טעאַטערן״, וועלכע זיינען שפּעטער אָדער פאַרפלעבייאישט גע־וואָרן דורך דער אַמעריקאַניש־אַמאַראַציִשער גאָרדינשער „אויך מיר״־ליטעראַרישקייט, אָדער פאַרהאַלבאַינטעליגענטלט און פאַרקאַסרילעוועט געוואָרן דורכן „נאַטוראַליזם״ פון אַ. ר. קאַמינסקי, אָדער פאַראָפּערע־טעוועט געוואָרן דורך די מאַנסבילשע הויזן פון דער טאַלענטפולער קלאַרע יונג...

גאָלדפאַדן האָט געדאַרפט און עפּשער געקאָנט ווערן דער ערשטער באַשעפער פון קלאַסישע טעאַטער־טראַדיציעס אין דער אידישער סוויווע, האָט דער היסטאָרישער גוירל אים פאַרמישפּעט צו ווערן אַ מין „מוישע

ראַביינו" פון טעאטער־שונד. איז אנטשטאנען די אויפגאבע, זיך באנוצנ־
דיק מיטן סימבאָל „גאָלדפאדן", רעסטאווורירן די טראדיציעס פון דער
אידישער פאָלקשפיל און זי אָרגאַניש באהעפטן מיט די שענסטע איי־
ראָפּעאישע טעאטער-טראַדיציעס, און בעשאס מאיסע דורך קונסט-מיט־
לען ליקווידירן די „טראַדיציעס" פונם אידישן שונד-טעאַטער.

דידאָזיקע אויפגאבע האָט אף זיך גענומען דער אידישער קאמער-
טעאטער און זיין הויך באגאבטער באשעפער און אָנפירער א. מ. גראַ-
נאָווסקי.

2

מיר האָבן, אזוי צו זאָגן, דריי קלאסיקער פונם אידישן רעפּער-
טואר: גאָלדפאַדן, שאָלעם-אליכעם און פּערעץ. גאָלדפאַדן האָט געהאַט
דעם טעמפּעראמענט פון א פורים-שפּילער, און געלעבט האָט אין אים
דער דראַנג צו דער שיינקייט, וואָס איז אין אונזער פארגאנגענער
פאָלקסטימלעכער טעאטראלישקייט. שאָלעם-אליכעם האָט אָנגעשריבן די
„געטלעכע טראגיקאָמעדיע" פון דער פּאַטריאַרכאלישער „כנסת ישראל",
וועלכע ווערט ארייננעצויגן אין דעם הו-האַ פון היינטוועלטישע קאַפּי-
טאַליסטישע באציאונגען. ווייל וואָס זיינען אזוינס די מענאַכעם-מענדלס,
די רעב אלטערס, די טעוויעס, די כאַזאָנישע קינדער, אויב ניט פער-
סאָנאַזשן פון אַ פּאַטריארכאלישער פאָלקס-קאָמעדיע, וועלכע געפינט זיך
שוין ערעוו צעשפּליטערט ווערן אף אַ שלאל קלאסן-טראגעדיעס? דאָס
זיינען א ריי פורים-שפּילער, וואָס ווייסן אליין ניט, אז זיי שפּילן...
פּערעץ הויבט שוין אָן געבן די דראמע פונם אויסגעשיילטן יאָכיד,
וועלכער וויל זיך בעקיוון ראַטעווען אין דער סטיכישער פאָלקסטימ-
לעכקייט און שטרעבט אומבאוואוסטזיניק פון איר זיך צו באפרייען, —
„באנאכט אפן אלטן מאַרק", וואו טויטע שפּילן צוזאמען מיט לעבעדיקע
און מע ווייסט ניט, ווער איז לעבעדיק און ווער איז טויט, און דער
איינזאמער יאָכיד שפּילט מיט און וויל... אנטרונען ווערן...

אונזער דראמאטישע ליטעראַטור האָט נאָך אייגנטלעך ניט זייער
געווען געשפּילט צו ווערן אף דער בינע. דאָס הייסט, ס'זיינען נאָך ניט
באשאפן געוואָרן קלאסישע, מוסטערהאפטע סצענישע פארקערפּערונגען

פון די טיפן און סימבאָלן פון אונזער ליטעראטור, אזעלכע סצענישע פארקערפערונגען, וועלכע זאָלן אונז מיטהעלפן זיך אָריענטירן באַם לייענען. מיר זייַנען געוואָרן א לייען-פאָלק, אָבער ניט קיין שפּיל-פאָלק. די אייראָפּעאישע ליטעראטור האָט שוין פון לאנג אירע סצענישע פארקערפערטע האמלעטן, פיגאראָס, גאָראדניטשיס, כלעסטאקאָוון א. אז. וו. מיר האָבן זיך אין לייענען געקוויקט מיט מענאכעם-מענדלען, מיט טעוויע דעם מילכיקער, מיט יויעלן (פון „וואָס אין פידעלע שטעקט") א. אז. וו.—און האַגאָם זיי בעטן זיך געשפילט צו ווערן, פלעגט די טעאַטער-שפּיל נאָר פארטושן, פארטונקלען זייערע שפילעוודיקע געשטאַלטן. דאָסזעלבע איז, פארשטייט זיך, געווען אויך מיט גאָלדפאַדנס האָצמאַך, האגאם אָדער דאפקע ווייל מע האָט אים אזוי פיל געשפילט אין די „אידישע טעאטערן".

דער אידישער קאמער-טעאטער, וועלכער האָט דער ערשטער געשאפן קלאסישע, שוין קאנאניזירטע סצענישע פארקערפערונגען פון שאָלעם-אלייכעמס פערסאָנאַזשן (מענאכעם מענדל, רעב אלטער), האָט געמוזט זיך ווענדן פון איין זייט צום אורקוואל פון דער מאָדערנער אידישער טעאטראלישקייט, וועלכע ליגט פארבאָגן אינם גאָלדפאַדן-סימבאָל, און פון דער צווייטער—זיך גרייטן צו איר דערווייליקער מאָדערנער האַשלאָמע, וועלכע געפינט זיך נאָך אומבארירט אין פערעצן.

דידאָזיקע אלע ריין קינסטלעריש-טעאטראלע און קולטורעלע פראָבלעמען זייַנען גלענצנד געלייזט אין דער פאָרשטעלונג פון דער „קישעפמאַכערין". מיר האָבן פאר זיך דערזעען די אויפגעלעבטע טעאַטער-מאסקעס פון דער אידישער פאָלקשפּיל. מיטאמאָל, ווי דורך א צויבער, האָבן מיר באקומען א אידישע „קאָמעדיא דעל אַרטע"—אַן אמאָליקע אייראָפּעאישע קאָמעדיע פון קינסטלערישע טעאטער-מאסקעס, וואו ס'האָבן פיגורירט געליבטע פאָלקס-געשטאַלטן פון, לעמאָשל, אַ דאָקטאָר, שווינדלערשער קונצנמאכער, אַ גאַלאַך, אַ סראָרע א. א.,—אָבער אַן איבערגעדיכטעטע אין אידישע פאָרמען „קאָמעדיא דעל ארטע" און אן אָפּגערייניקטע פון ארכיוו-שימל. מיט איין קלאַפּ זייַנען אין אונזער טעאַטער-קונסט איינגעבירגערט די נויטיקע טעאַטער-טראַדיציעס און

טאקע באַלד זיינען זיי בייגעקומען געוואָרן, קעדיי זיי זאָלן ניט פאַרוואנדלט ווערן אין א מיכשל פאַר דער ווייטערדיקער באַוועגונג.

שיינע גראטעסקירטע (ציקאַווע) קונסט-געשטאלטן סאַי פון יעכידים, סאַי פון מאַסן. דער גוטער פּאָטער, א פּאָלקסטימלעך באנומענער אידישלעכער טיפּעש-גוויר (אַוראָמצי), וועלכער זאָגט מיט אן אייגנאַרטיקן בויך-שטאָלץ: „מיין גאנץ אַשירעס" און „טרויעריקע געדאנקען!", די אידישלעך-ציקאַווע מאַרשאס-שטיפּמאמע (באַסיע), דער „שרעקלעכער" אידישער גאַזלען, עליאָקים, דער וואונדערלעך געמאכטער אידישער קאַצעוו אפן מאַרק, דער אידישער מארק-שוסטער—דער לאטוטניק. און דאַן די צוויי הויפּט-געשטאלטן: האָצמאַך און די קישעפמאַכערין.

דער קלאסיש אידישער „לופטמענטש", דער הענדלער און טענדלער, לעץ און באַדכן, גווירישער מעשולאך און בען-באַאיס, האָצמאַך, אָט דער וואונדערלעכער גאָלדפאַדנס פאָרגעפיל פון שאָלעם-אלייכעמס מענאַכעם-מענדל, איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין א געניאַלע שאַפונג פונם אידישן קאַמער-טעאַטער און דער איקער, פאַרשטייט זיך, פון וואָפּסימיכאָעלסן. פונם ערשטן מאָמענט אָן, ווען ער פאלט פון ערגיץ אַראָפּ אפן גווירישן קנאַסמאָל מיט זיין לידעלע: „באַ מיר אין קרעמל קאָכט און זידט!" (גענומען באַ פרוגן), דורך זיין וואונדערלעכן דערשיינען באַ דער קישעפמאַכערין מיט זיין לידעלע:

„אַ גוטער מאָרגן, ברידער,
האָצמאַך איז דאָ ווידער!
האָצמאַך קומט אַהער אַריין
אַ באַס יסראָעל מאַציל זיין!
האָצמאַך דאָ, האָצמאַך דאָרט
האָצמאַך שטייט ניט אף אַן אָרט,—
האָצמאַך וויל פאַרדינען!"

דורך זיין פארכאפנדיקן דערשיינען ערגיץ פון דער הויך אין קאַפע אין סטאמבול מיט א פארכידעשטן אויסרוף: „האָצמאַך אין סטאַמבול!" ביזן פינאַל מיטן זיין באַנצישווייגישן זעלבסט-ראכמאָנעס-עקסטאַז: „לאָמיר אלע איניינעם, איניינעם... האָצמאַך!,"—אין יעדן קער, וואָרט,



„קישעפמאַכערין"

(1־טער אקט).

טנוע, באַוועגונג איז פאַרקערפּערט געוואָרן אין אַן אוניווערסאַלן, ניט בלויז אידישן קונסט-סימבאָל אַ שטיק אידישע סאָציאַל-קולטורעלע געשיכטע...

האָצמאַכס דערשיינען פון אויבן אין סטאַמבולער קאַפע מיט זיין סכוירעס-צעטל, געזונגען אין „האַקדאָמעס"-נוסעך, דערמאָנט מאַמעש שאַגאַלס בילד מיטן אידעלע, וואָס פליט איבער וויטעבסק. אַזאַ מין צונויפגיסונג פון גאָלדפאַדן, שאָלעם-אַליכעם און שאַגאַל אין איין גרויסן קונסט-סימבאָל האָט געקאָנט געשאַפן ווערן נאָר פון מיכאעלסן און נאָר אינם אידישן קאַמער-טעאַטער, אָנגעפירט פון גראַנאָווסקין...

און דאָ דערשיינט די קישעפמאַכערין אין זוסקינס פאַרקערפּערונג. די אידישע מאַכשייפע, וואָס איר קישעף איז געגרינדעט אַף דער „פּע-ראַקטיקע פון לעבן", וואָס איר דיאַלאָג איז געבויט אַף טקיעס און וואָס איר לעבנס-קלאַל איז „אַבי פּאַרנאָסע, אידן, אַבי געלט!", אַ זאָגערין, אַ קלאָגערין, מיט אַלע אידישלעכע שרעקן און אָפּשפּרעכענישן, פאַר וועלכע ס'איז צום ערשטן מאָל געשאַפן געוואָרן אַף דער אידישער בינע אַ צויבער-מאַסקע, וואָס איר קינסטלערישע באַדייטונג שטייגט ווייט אַרי-בער די ראַמען פונם אידישן טעאַטער.

דאַן קומען די מאַסן-סצענעס, פול מיט קינסטלערישער אידישער פּראַכט: די סימכע באַם גוויר מיט די לייטישע מאַריאַנעטן-געסט און זייערע טענץ. דער וואונדערלעכער אידישער קליינשטעטלדיקער מאַרק מיט זיין הו-האַ, האַנדל און וואַנדל, מיט זיין אידישלעכער ראַכמאָנעס אַף א יעסוימע, ראַכמאָנעס, וואָס העלפט נאָר מיט טרערן, אַן אויפגעלעבטער אוילאָם-האַטויע, וועלכער ווערט בייגעקומען דורך יאַמים פאָלקס-פרייד און פאָלקס-הומאָר.. אידישע טערקן אין סטאַמבול, דער פינאַל—די קאַ-באָלאַספּאָנים פון די מעכוטאָנים און די טענץ אַף דער טעמע פונם מאַגידישן מוסער-האַסקעל: „וואָס שלעכטע מענטשן קענען—דער מאָשל יעדער קען אים", און אַלץ איז באַשטראַלט פון געבענטשטער קינסט-לערישער שאַפונג: די ניי געשאַפענע אידישע „עבודה משמחה", אַ שפּיל פון פאָלקספרייד. אָבער די העכסטע שיינקייט ווערט דערגרייכט אין דער סצענע, וואו האָצמאַך און כאָסן-קאַלע זיצן אַף די טרעפּ און ווי-

דערוואקסענע קינדער פאָרן זיי מאיסעדיק מיטן געזאנג: „איך בין אַ באלעגאָלע"...

און אין דערדאָזיקער טעמפעראמענטפולער שפיל פירן זיך פּאראַ־לעל נאָך צוויי שפּילן: די לעוואיע פונם אלטן אידישן טעאטער און ד'ער אויפרייס פונם „מיר אידן"-שטייגער...

מיט דער הילף פונם גאָלדפאדן-סימבאָל ווערט דערהארגעט די גאָלדפארן-ווירקלעכקייט אינם אידישן טעאטער. דער מעלאָדראמאטישער שונד פונם אלטן אידישן טעאטער מיט זיין „הויכן" „וואמפוקא"-סטיל, זיין קלוימערשט אינטעליגענטישער, מאסקיליש-דייטשמערישער פּאַטאָס ווערט דורך אן עכט קינסטלערישער סאטירע ענדגילטיק ליקווידירט דורך דער סצענישער געשטאלט פון מארקוסן. באזונדערס אין דער סצענע מיט באַסיען. זיין „פרעמיערן"-פארצווייפלונג, זיין „הארצרייסנדיק" לי־דעלע: „איך גיי, איך גיי, איך גיי—צו מירעלען צו מיין!" און די עלע־גאנטע „געשפּאנטקייט" פון זיין פארשווינדן פון דער בינע—דאָס אלץ איז אן עמעסער „פּה נקבר" פארן אלטן אידישן טעאטער. און דערפאר איז אזוי שיין און פריידיק די סצענע פון דער אומגעריכטער לעוואַיע פונם אלטן אידישן טעאטער, וועלכע קומט פאָר אין דריטן בילד אפן מאַרק, ווען ס'דערהערן זיך פלוצלינג בעשאס א רעגן „טראַגישע" אויסרופן:

— צדקה תציל ממות!

— געשטאָרבן? ווער?

— דער אַלטער אידישער טעאַטער!

— באַרוך דאַיאַן עמעט (מיט אַ „ספאודישער" אויסשפראך, פאר־שטייט זיך...)

קיינמאָל האָט מען נאָך מיט אזא הארציקער פרייד ניט באגריסט דעם פאקט פון א לעוואיע...

און אָרגאניש צונויפגעגאָסן מיט דער עסטעטישער זייט פון דער פּאָרשטעלונג איז איר רעוואָלוציאָנערער אינהאלט. זי איז א טיפע אָפּ־לייקענונג פונם אידישן אלטווארג. צום העכסטן גראד דערגייט דידאָ־זיקע אָפּלייקענונג אינם פינפטן בילד (צווייטער אַקט)—אין דער סצענע פונם קישעף. ווען האָצמאַך, בא וועמען מע האָט צוליב קישעף אראָפּ־

געכאַפּט איין פּייע, פאַלט אף דער ערד און קלאָגט מיט אַ ליכט אין האנט אף אן „איכה"-ניגון: „מיין אָרימע פּייע—איז געוואָרן אן אלמאָנע", און דער כאָר ענטפערט טרויעריק: „אן אַל-מאָ-אָ-נע!"—איז עס דער טיפער ביטל צו דער דווירעסדיקער קינעס-אידעאָלאָגיע. ווען דער ריטואל פון קישעפן איז געבויט אף די מאָטיוון פון „כל נדרי", באהעפטע מיט די מאָטיוון פונם פּראוואָסלאווגעם „האספּאדי פּאָמילוי"—איז עס די טיפסטע אפּלייקענונג פון יעדן רעליגיעזן ריטואל. ביפראט נאָך, אז די גאנצע צייט הערן זיך די „תקיעה-שברים"-רייד פון דער קישעפמאַכערין און פון איר פּארטנער—דער „גאַזלען" עליאָקים. געמאכט איז עס אלץ מיט עכט קינסטלערישע איינפאלן, אָן „פּובליציסטיק". ס'איז, אגעוו, איי-נער פון די בעסטע נומערן פאר אנטיקלעריקאַלער פּראָפּאַגאַנדע.

און ווען מיר זאָלן נאָך דערצו צוגעבן די אנטינעפּלייט-סצענעס, באזונדערס דאָס קלאַסישע לידעלע: „האָט אַ איד געגומען האנדלען— ניט מיט ראָזשינקעס און ניט מיט מאנדלען" (געזונגען און געשפּילט פון מיכאָעלסן), וועט קלאָר ווערן דער גרימצאָרן פון אלטע נעשאָמעס קעגן גאנצן ספּעקטאַקל.

דארף מען נאָך דאָ אונטערשטרייכן די טאַלענטפולקייט פון די דעקאָראַציעס פונם מאַלער י. ראַבינאָוויטש? ראַבינאָוויטש איז איינער פון די בעסטע טעאַטראַלע קינסטלער אין רוסלאנד. ער האָט זיך שוין קוינע שעם געוועזן מיט פיל שטעלונגען. און אין דער „קישעפמאַכערין" האָט ער זיך אינגאנצן אַנטפּלעקט אלס אַ אידישער קינסטלער. ער האָט מאַמעש אנגעטאַפּט דעם דויפעק, טעמפּ און ריטם פונם אידישן שטעטל מיט זיין אינעווייניקסטן אומרו, די רירעוודיקייט און לופטיקייט, די שווינדלדיקע פארביקייט פון די אידישע געשטאלטן און די פארבאָרגענע פרייד, וואָס איז דאָרט אד האַיאָם נאָך ניט אנטפּלעקט געוואָרן.

היינט אכראַנס מוזיק, אין וועלכער ס'ליגט אזוי פיל קינסטלערישע אידישע „מעסיקעס"? מע קאָן פּאָרויס נעוויעס זאָגן, אז די ניגונים פון דער „קישעפמאַכערין", באַארבעטע פּאָלקסמאָטיוון, און די לידער (הויפּט-זאכלעך דאָברושינס טעקסטן) וועלן גאָר אינגיכן פאַרשפּרייט ווערן „בכל תפוצות ישראל"...

צום שלוס נאָך אייניקע ווערטער וועגן דער אויספירונג. דאָס איז דער ערשטער ספעקטאקל, וועלכן מע קאָן ניט באשולדיקן, אז אין אים זעט מען נאָר דעם רעזשיסער און... דעם אַקטיאָר מיכאָעלסן. דאָ האָט זיך אנטפּלעקט אַ נייער שטאַרקער טאַלענט—זוסקין (קישעפמאכערין); דאָ האָט אבראַהאַם זיך אויסגעצייכנט אלס די שטיפמוטער—באַסיע; דאָ האָט שידלא זייער מאָלעריש געשפּילט ר׳ אַוורעמצין, גערטנער האָט געגעבן א קאלאריטישן אידישן גאזלען, שטיינמאַן האָט אויסער מאַרקוסן זייער טאלענטפול (אין דריטן בילד) פאָרגעשטעלט דעם קאַצעוו; ראָם זינגט אויסדרוקספול איר לידעלע „הייסע באַבקעלעך", גאנץ אינטערע-סאנט איז ניי אלס קאָפּל שוסטער... און געלונגען מאריאנעטיש איז ארויסגעקומען דער קאָמיסאַר באַ קראשינסקין. איבערהויפּט איז דער גאנצער אנסאמבל אין די מאסן-סצענעס געשטאַנען אף דער הויך פון טעאטראלישקייט. אזוי באַוועגט מען זיך, טאַנצט מען און מע זשעסטו-קלירט דאָס ערשטע מאָל אף דער אידישער בינע...

די פאָרשטעלונג פון דער „קישעפמאַכערין" איז די גרעסטע אנט-פּלעקונג פון אונזער קונסטשאפונג, וואָס האָט געקאָנט דערגרייכט ווערן נאָר אַדאַנק דער אָקטיאבר-רעוואָלוציע.



„קישעפּמאַכערין“

(1-טער אַקט).

II

## די „קישעפמאַכערין” באַ די אַרבעטער

דער מלוכישער אידישער קאַמער-טעאַטער איז ענדלעך געקומען אין מינסק און וועט האָבן זיין ערשטע באַגעגעניש מיט די אידישע אַרבעטער, צוליב וועלכע ער איז באַשאַפן געוואָרן, אַף די ערטער פון זייער מאַסן-ישעוו. אָבער וועגן דער שאַפונג פונם אידישן קאַמער-טעאַטער גייען פאַרויס קלאַנגען, אַז ס'איז זי שווער צו פאַרשטיין, אַז ס'איז א מין שווער שטיקל געמאַרע, וואָס פאָדערט גרויסע פּײַרושים — א מין ראַשע מיט טויספעס. אָבער אין טאָך גענומען איז עס ניט ריכטיק.

א מערקווירדיקע מאַיסע! אין מאָסקווע איז דער אידישער קאַמער-טעאַטער לעכאַטכילע, אין די ערשטע צוויי סעזאָנען, מאַמעש בלאָקירט געוואָרן דורך אַלע ניטפּראָלעטאַרישע עלעמענטן: ספּעקוליאַנטן און אַזוי זיך „מיר אידן” פון א גאַנץ יאָר, אינטעליגענטן און אפילע דאָס ראָוו אידישע ליטעראַטן, וועלכע האָבן דאָך פון קאַדמוינים א כאַזאָקע אַף אידישע קולטורשאַפונג, האָבן דעם טעאַטער „ניט אָנגענומען”: מעשוגע! און דאַפקע אַלע אָן אויסנאַם פּראָלעטאַרישע עלעמענטן: אידישע אַר-בעטער, וועלכע זיינען פאַראַן אין מאָסקווע, פּראָלעטאַרישע סטודענטנ-שאַפט, אידישע קאָמוניסטן, לערערשאַפט און אפילע די קינדער פון די שולן א. אַז. וו.—זיי האָבן פון דער ערשטער רעגע מאַמעש ווי פאַרליבט זיך אין טעאַטער און דאַפקע אָן פאַרויסגייענדיקע פּײַרושים. די לעצטע זיינען שוין געקומען לעאַכער האַמאַיסע.

ווייל וואָס דערזעט און דערהערט דער צושויער, אַריינקומענדיק אַף א ספּעקטאַקל אין אידישן קאַמער-טעאַטער? ער ווערט באַגאָסן מיט

ליכט, פאַרבלענדעט פון פאַרבן, איבעראַשט פון אומויפהערלעכער באַוועגונג, פאַרקישעפט פון קלאַנגען. אף דער איקער-פראַגע, וואָס מע שטעלט דעם צושויער: ס׳געפעלט? — ענטפערט ער: „יא״, נאָר באַלד הויבט זיך אָן:

— אָבער...

— וואָס אָבער?

האָט זיך יעדערער פון די ניטפראָלעטאַרישע עלעמענטן זיין „אָבער״. זיי האָבן געוויסע טראַדיציעס אין קונסט איבערהויפט, אין טעאַטער-קונסט ביפּראַט: די קונסט, ווי די גאַנצע קולטור, האָט דאָך ביז איצט עקזיסטירט נאָר פאַר דער בורזשואַזיע, האָט יעדער באַלעבעסל אפילו אויסגעאַרבעט בא זיך געוויסע רעגילעסן, געוויסע נעטיעס, געוויסע פּניעס. געפעלט עס אים עפּשער, ווייל ס׳איז פאָרט שיין, שטאַרק, פריש, אומגעזעען, אומגעהערט—אבער ס׳אנטשפּרעכט ניט זיינע רעגילעסן, זיין פאַרעלטערטן געשמאַק, עס שמעקט עפּעס מיט נייס. און ווער ווייס, וואָס עס קאָן פון אָט דעם נייס ארויסקומען פאַר זיינע איינגעשטעלטע פּסיכישע יעסודעס?

קומט אָבער אריין אַן ארבעטער, א פּאָשעטער „כאַי וועקאַיעם״, וואָס זיינע אָוועס אַוואויסיינו זיינען ניט געווען געצערטלט פון קונסט, וועלכער איז אליין אויך ניט געווען א זיידענער מעפּונעק, דערזעט ער א וועלט פון פרייד, באַוועגונג, באַפרייטע קערפּערס, בוילעטע זשעסטן, לעבנסלוסטיקע און רירעוודיקע מאַסן, — האָט ער פּאָשעט האַנאָע. ס׳געפעלט אים.

פאַרוואָס?

דער „פאַרוואָס״ קומט ערשט דערנאָך. ווייל אויב דער ארבעטער, און עפּשער דער ארבעטער און יעדער פאָלקס-מענטש באַזונדערס וויל מער ווי אלע אנדערע וויסן דעם טאָך פון אלץ, וואָס ער זעט און פילט, אָבער פריער פון אלץ פאָלגט ער זיין אינסטינקט, און דערדאָזיקער אינסטינקט באַקומט זיין גרעסטע באַפרידיקונג אין אידישן קאַמער-טעאַטער.

אָט לאָמיר נעמען די „קישעפמאַכערין״. אַסאַך אידישע ארבעטער האָבן געזען די „קישעפמאַכערין״ טאַקע אין גאָלדפאַדנס טעקסט און



„ק י ש ע פ מ א כ ע ר י ן“

(1-טער אקט).

טאַקע אַף דער אלטער בינע, אָבער ס'איז בא אים ניט געוואָרן און ס'האָט ניט געקאָנט ווערן א מין „טוראַס מוישע" ניט לויטן אינהאַלט און ניט לויט דער פאָרם.

א מעלאָדראַמאַטישע מאַיסע מיט א גוויר, אף וועלכן ס'האָט זיך אַ שאט געטאָן צאָרעס אָן א שיר: אים אליין האָט מען ארעסטירט, ווייל די מאַרשאַאַס (די קישעפמאַכערין) באָבע-יאַכנע האָט אים אונטער-געוואָרפן פאלשע באַנקנאָטן; זיין טאָכטער האָט מען, נעבעך, פארקויפט קיין סטאַמבול — און אנדערע פוראָניעסן. נאָר גאָט האָט צוגעגרייט די רעפוע פאַר דער מאַקע און האָט צוגעשיקט דער גווירישער באָס-יעכידע, מירעלען, א כאָסן א אידעאַליסט, א מאַסקיל, וואָס רעדט דייטשמעריש, — און ער האָט אויסגעלייזט די גאנצע מישפּאָכע פון אלע צאָרעס. גע-שפּילט האָט מען אויך אידישלעך: ווי שאָלעם-אַלייכעמס אַ פורימשפּילער, מיט „טראגישע" געשרייען, מיט לייטישע כאַסענע-טענץ, געמישט מיט ביליקע גאַסן-שטיק.

די בורזשואזע צושויער האָבן שוין דאָ זייערע איינגעבאקענע טראַדיציעס: די קאָמעדיאַנטן דאַרפן זיך טאַקע „ברעכן" פארן אוילאָם, אָבער דער קאָפּ זאָל ניט ווי טאָן, אין די אויגן זאָל ניט שווינדלען, און די צושויער דאַרפן פארגיסן טרערן און האַנאָע האָבן אויך פון דער אייגענער גוטהארציקייט, וואָס פרייט זיך, ווען דער יעיצער-האָרע ווערט באשטראָפט און דער יעיצער-טויוו טריומפירט.

— איך פלעג דאָך מאַמעש פאַרגיסן טרערן אַף „קאָלדוניע", ס'איז דאָך א שרעקלעכע טראַגעדיע — און דאָ מאַכן זיי פון אלץ א טעל, — האָט א נעפישע דאַמע געפילדערט אין מאָסקווע נאָך דער ערשטער פאָרשטעלונג פון דער „קישעפמאַכערין".

און ווירקלעך מאכט דער אידישער קאַמער-טעאטער א טעל פון אלע אידישלעך-באַלעבאַטישע פאָרשטעלונגען וועגן טעאַטער.

אָנשטאָט א באַלעבאַטישן צימער — עפּעס א גאנץ שטעטל, שטי-בעלעך איינס איבערן צווייטן; לייטערס; אָנשטאָט געצייילטע פערסאָ-נאַזשן, וועלכע נעמען דירעקטן, לויט גאָלדפאַדענען, אנטייל אין דער האנדלונג, — גאנצע מאַסן, די אידן פון שטעטל — און „ריבוינע שעל

אוילאָם״, וואָס פאר א אידן! ניט בענימעסדיקע, בעקאָוועדיקע, לייטישע, נאָר מעשונעדיקע, מעשוגענערווייז געפלעקטע, מיט מאָדנע הויזן, סקאַנ= דאַליעזע בערד. היינט זייערע באַוועגונגען! זיי, די באַלעבאַטישע צו- שויער, די עכטע קאַסרילעווקער, פאַרגעסן גאָר מיטאמאָל זייער הוי- האַ-לעבן, זייערע פאַרשמאַיעטע טנועס, זייערע רירעוודיקע האַוואַיעס, זייערע לופט=שטיק — און ווען זיי דערזעען דאָס אלץ אין א בוילעטער, נאקעטער, איבערגעדיכטעטער פאָרם—ווערן זיי ווי דערשראָקן, ווי או פ= געבראַכט:

— דאָס זיינען אידן? — מע מאכט נאָר כויזעק פון קלאַל-יסראָעל!

אידן דאַרפן אָבער אין „ערנסטן״ טעאטער זעען מאָרעשכוירעדיקע געשטאַלטן, באַקומען אַביסל שעמענזאַאיסדיקן מוסער, האָבן נאַכעס פון קאַוואַיאָכלס האַשגאָכע — אָדער אויב יאָ זיך שוין מעסאַמייאַך זיין, איז דאָך עס פאָרט ניט סימכאַס-טוירע (טעאַטער, צווישן אונז ריידנדיק, איז דאָך עפעס ניט גאָר קיין גרויסע מיצווע), איז דערלאנגט קלאָרע יאנגס הויזן, מיט קופלעטן, מיט ניבלפע, דרייט פאַרשייט מיט די פיס: אַז זינדיקן, זאָל זיין געזינדיקט, ימאַך שמאָם!

און דאָ, אין קאַמער=טעאַטער, אף דער „קישעפמאַכערין״ פרייט מען זיך טאַקע בעעמעס. פרייד צוליב פרייד, און דערביי אָן דערעכע- רעץ צו אלע אידישע היילקיטימער. מע נעמט די אַמאָליקע אידישע פאָלקשפילן, וואָס די ראַבאָנים האָבן זיי אַמאָל געאַסערט (ווייל ל׳ע- כאַטכ׳לע האָבן די ראַבאָנים געפירט א קאַמף קעגן די פורים-שפילן) און וואָס זיינען מיט דער צייט פארוואָרלאזט געוואָרן, און מע לעבט זיי אויף אין דער פאָרם פון קינסט-מאַסקעס.

אַפן געליבטן „אידיש טעאַטער״ מאכט מען דאָ, אין מיטן מאַרק, א לייצאָנישן העספעד, און דאַפקע אין דער היילקער שפראַך מיט אַ ספאַרדישער אויסשפראַך (באַרוך דאַיאַן עמעט); פון קינעס איבער כורבן יערושאָלאַאים ווערט דאָ גאָר א מארשאלעק („אייכא״) איבער אן אָפגעשוירענער פייע; דעם מאַסקילישן העלד מארקוסן גיט מען דאַפקע ווי אין אלטן טעאַטער, מיט א שאַרזשירטן פאַטאָס, אז ס׳ווערט פון אים א קאַריקאַטור. די קישעפמאַכערין טראָגט גאָר די רעצועס פון

טפילן אַף די פּיס, רעדט מיטן טראָפּ פון שויפער-בלאָזן און פראַוועט קישעף מיטן פראַוואָסלאַוונעם „האָספּאָדי פּאָמילוי״, און אין די יאַמים פרייד און באַוועגונג ווערט גאָר אויסגעלאכט דער איקער—די גוירישע טראַגעדיע!..

קאָן מען עס פאַרטראָגן?

קומען אָבער טעאַטער-לאָמדים און קונסט-קענער: ס'טייטש און וואָס איז דאָס פאַר א צירק-שטיק?

וואָס איז דאָס פאַר לייטערס?

נאָר דאָס שטעלן פראַגן נאָר זיי—מענטשן מיט גייסטיקע מערידן. אָבער די מאַסע, די ארבעטערשאַפט פון סערפּ און האַמער, פון נאָדל און שער, וואָס איר אימפּעט ליגט אין באוועגונג, אין מאַטעריעלער און גייסטיקער קפיצאס-האַדערעך, זיי כידעשן זיך גאָר ניט: ווייל וואָס איז דער ספּעקטאַקל „קישעפמאַכערין״? ס'איז אן אָפּגעטאָנענע ארבעט, שאַפונג פון א קאָלעקטיוו, און די באַוועגונגען זיינען דאָ אויסגערעכנטע, זיי זיינען ראַציאָנאַליזירט, זיי בארעכטיקן לייטערס, די קלוימערשטע צירק-שטיק, דעם גאנצן שווינדל-געלויף פון די אויסערגעוויינלעכע מאַסקעס, וואָס אין זייער סאַכאַקל גיבן זיי איינס: דעם עקסטאַז פון דער באַפרייטער שאַפונג פון די פאָלקס-מאַסן.

אויפגעלעבטע פאָלקס-מאַסקעס, אונטערגעריסענע באַלעבאַטישע בעשאָמע-יעסוידעס, אומבאגרעניצטע מאַסן-פרייד — דער פונדאַמענט פאַר דער קינפטיקער פּראָלעטאַרישער קאָמעדיע—דער פריידיקער שמייכל פון דער זיגרייכער רעוואָלוציע.

# „דאס גרויסע געווינס"

די „קישעפמאַכערין" איז אַ פאָלקשפּיל, אַ פאָלק אין שפּיל, פאַר־קערפּערט דורכן קאָלעקטיוו פונם אידישן קאַמער-טעאַטער, און אַ קאַר־נאַוואַל פון איינצלנע פאָלקספיגורן און פאָלקסמאַסקעס, אויסגעשפּילטע דורך איינצלנע אַרטיסטן פונם אידישן קאַמער-טעאַטער. ווען אַ פאָלק שפּילט, ווערט אַרום און אַרום פאַנאַנדערגעגאָסן אַן אומגעריכטע פרייד, און די „קישעפמאַכערין" איז טאַקע אַן אומפאַרגעסלעכער דענקמאָל פון אומגעריכטער פרייד אין דער צייט פון דער דערהויבנסטער פאָלקס־האַנדלונג — אין דער עפּאָכע פון דער אָקטיאַבר-רעוואָלוציע.

אָבער אַ פאָלק איז ניט איינהייטלעך, עס איז דיפערענצירט אף קלאַסן און שיכטן, עס איז צעגלידערט אף שול-געסל און קוילער-געסל, אַף גווירים און „אַמכאָ", און אין דידאַזיקע צוויי הויפּטלאַגערן קומען אויך שטענדיק פאָר פאַרביטערטע שלאַכטן צווישן קלאַסן און שיכטן, אונטערקלאַסן און אונטערשיכטן. איז אין רעוואָלוציאָנערן ענטוזיאַזם פון זיין שפּיל ווערט דאָס אייגנטלעכע פאָלק, די פאָלקסמאַסע, ארומ־געכאַפּט פון אוניווערסאַלער צוטרוילעכקייט, איר, דער פאָלקסמאַסע, גיט זיך אויס, אז אלע קלאַסן-סטירעס זיינען שוין אָפּגעשאפט בלויז דורך דער מאַכט פון איר שפּילעוודיקן ווילן. אַמניסטירט דאָס פאלק אין זיין שפּיל זיינע פיינט מיט דער פריידיקער גוטמוטיקייט פון זיין געניאַלן הומאָר.

ווערן אין דער „קישעפמאַכערין" דורכן פינקלדיקן הומאָר פונם אידישן קאַמער-טעאַטער לייטזעליק באַגנעדיקט אַלע: דער פּאַטריאַר־



„דאָס גרויסע געווינס"

(שימעלע סאראקער—מיכאעלס).

כאליש-אידישער גוויר, רעב אַוורעמצי, ניט געקוקט אף זיין בויך-
שטאלץ מיט זיין „גאַנץ אַשירעס”; דער גוויריש-מאַסקילישער יונגער-
מאַנטשיק מאַרקוס, וואס רעדט דייטשמעריש וועגן זיין „גאַנץ פארמעגן”
און קלינגט מיט „לירעס אין גאָלד”, און אפילע דער מאַריאָנעטישער
פאָליציי-קאָמיסאַר, וואָס „מאַכט אומעטום אַ טאָלק” און האַלט, אז
„איזראעל” איז א „וואויל פאָלק”, — זיי ווערן אַלע אַריינגעצויגן אין
קאָן, און דאָס איינציקע, מיט וואָס מע קאנסנט זיי דאָ, איז דער הומאָ-
ריסטישער, אָבער פריידיק-זאָרגלאָזער כויזעק-שמייכל, מיט וועלכן מע
באַגעגנט זיי.

נאָר דער רעוואָלוציאָנערער ראָמאַנטיזם פון דער פ אָ ל ק ש פּ י ל
ענדיקט זיך, און עס קומט אָן דער גרויער אינדערוואָכן פון אָנגע-
שטרענגטער פ אָ ל ק ס ב ו י א ו נ ג. דער צויבער פון איינהייטלעכע
פ אָ ל ק ס מ אַ ס ק ע ס טוט זיך אָפּ פונם צושויער. און ער דערזעט אין
דערווירקלעכקייט עמעסע סאָציאַלע פיגורן, עכטע ק ל אַ ס ן - ג ע-
ש ט אַ ל ט ן.

רעב אַוורעמציס (אין דער „קישעפמאַכערין”) ראַבאָניש-פּאַטרי-
ארכאַליש קאַפּעליושל הויבט אָן, ווי אף אַ קינעמאטאָגראַפישן עקראַן,
שווינדלען און פאַרוואנדלט ווערן אין אַ מאָדערנעם גווירישן צילינדר,
זיין בויך וואַקסט קאָלאָסאַל אויס, שוין איינגעפּרעסט אין א היינט-
וועלטיקן ראָק און עס דערשיינט פאַר אונז פלוצים דער מאָדערנער
קאַפּיטאַליסט אָשער פיין („דאָס גרויסע געווינס”). דער אביסל נאָך
פאָלקסטימלעכער מאַרקוס („קישעפמאַכערין”) באקומט מיטאַמאָל דעם
אויסזעען פונם מאָדערנעם גווירישן „בענאק” סאָלאָמאָן פיין („גרויס
געווינס”), וואס וויל אפילע ניט הערן וועגן האַנאָכעס אף דירע-געלט
פאר אָרימע שכיינים פון זיין פּאָטערס הויז. און אויב פריער („קישעפ-
מאכערין”) האָט איבערן „וואוילן פאָלק יסראָעל” געהאט האַשגאָכע „אין
נאָמען פון געזעץ” דער פאָליציי-קאָמיסאַר, האָבן מיר איצט פאר זיך
דעם הויז-פארוואלטער קאלטון („גרויס געווינס”), דעם בארופענעם מע-
שאָרעס פון געלטזאק, וועלכער רעגירט שוין איבער „אַמכאָ” אין נאָמען
פון זייגע באַלעבאטים-קאפּיטאַליסטן...

און אויך אינעווייניק אין „אַמכאָ״ דערזעען מיר פאר זיך אַ גאנצע ריי פראָצעסן:

„איך בין קאָפּל, קאָפּל שוסטער״ איז פונם איינהייטלעכן מאַרק-קאַרנאַוואל פארשוואונדן: אָדער ער האָט געעפנט א ווארשטאט און מע אַרבעט בא אים, אָדער ער איז אליין אָנגעקומען פאַר א געזעל צו עמיצן אין וואַרשטאַט,—מיר האָבן שוין צו טאָן מיט שימעלע סאָראָקער און זיינע געזעלן מאָטל און קאָפּל...

און אָנשטאָט דעם איינהייטלעך-מאיסעדיקן פאָלקסגערודער אין מאַרק וועגן עפעס אַ יעסוימע מיטן צוזינג „ווער איז דאָס קינד?״ רודערט זיך שוין די שטאָט מיט: „מע זאָגט, און מע זאָגט, און מע זאָגט, אז שימעלע איז געוואָרן א גוויר״, וואָס עס ווערט איבערגעריסן דורך דעם שניידער-געזעל מאָטל מיטן שניידיקן: „שימעלע סאָראָקער א שאָד—עס וועט צוקומען אַ כאַזער אין שטאָט!״...

מיט איין וואָרט, נאכן ערשטן צויבער פון פאָלק אין שפּיל האבן מיר דערזעען דאָס פאָלק אין איגערלעכן סאָציאַלן קאַמף—באזונדערע וועלטן פון גווירים און „אַמכאָ״, מיט באזונדערע ליידן און פריידן, אינטערעסן און שטרייטן. דער אידישער קאמער-טעאטער האָט דאָס אויפגענומען און איבערגעדיכטעט אין א ניי ווערק, אָבער דאָ איז שוין דער זאָרגלאָזער, גוטמוטיקער הומאָר-שמייכל פאר-שוואונדן: איבערלאָזנדיק נאך דערווייל דעם הומאָר פאַר „אַמכאָ״, האט ער גענומען גיליאָטינירן די גווירישע סוויווע מיטן שארף פון זיין בייזער סאַטירע.

אזוי אַרום איז נאָך דער „קישעפמאַכערין״ „לויט גאָלדפאַדענען״ געקומען „דאָס גרויסע געווינס״*) „לויט שאָלעם-אַלייכעמען״.

---

אויך אין „גרויסן געווינס״, ווי אין דער „קישעפמאכערין״, האָט דער טעאַטער פאַר זיך געשטעלט א גאַנצע ריי טעאַטראַל-קינסטלערישע

---

*) דער טעאטער האט זיין ארבעט געגעבן א צו פלאקאטיש-שרייענדיקן נאמען „200.000״. מיר האלטן פאר בעסער און פאסיקער צו בלייבן באם נאמען, וואס שאלעם-אַלייכעם האט געגעבן זיין ווערק.

און סאָציאַל-קולטורעלע אויפגאבן, וועלכע ער האָט, ווידער טאקע ווי אין דער „קישעפמאַכערין״, געלייזט דורך ריין פאָרמעלע מעטאָדן, ד. ה. דורך די אייגנטלעכע מעטאָדן פון דער קונסט.

ערשטנס, איז געשאפן געוואָרן די ערשטע אידישע סאָציאלע קאָמעדיע פון גרויסן מאַסשטאַב. שאָלעם-אליי‎כעמס קלייגבירגערלעכע „זיטן-קאָמעדיע״ האלט ניט אויס דעם גראַנדיעזן פאַרנעם פון א. מ. גראַ-נאָווסקי, איז שאָלעם-אליי‎כעמס לירישער הומאָר און טרוימערישער סקעפּסיס פאַרבליבן בלויז פארן קלייגבירגערלעכן קערן פון דער פּיעסע, פאר שימעלע סאָראָקער, פאַר דעם שאַדכן סאָלאָוויטשיק א. ד. גל.— ד. ה. פאַר דער אייגנטלעכער סוויווע, וואס שאלעם-אליי‎כעם האָט אזוי געניאַל געקאָנט און געפילט. פאַר די צוויי עקסטע פלאַנגען—פאַר די ארבעטער און אַרבעטסלייט, פון איין זייט, און פאר דער גווירישי-באַנ-קירישער סוויווע, פון דער אַנדערער זייט, האט דער טעאַטער געפונען גאר אַנדערע ריטמען און טעמפּן, געיאַרשנטע שוין ניט בא שאָלעם-אליי‎כעמען, נאָר אין דעם וועלטבאַנעם און אין דער אידעאָלאָגיע פון אָקטיאַבּר.

ווייל אינם „גרויסן געווינס״ איז שוין די שפיל ניט קיין איינ-הייטלעכע, נאָר אַ דיפערענצירטע, א צעגלידערטע: א שפיל פון „אַמכאָ״ און אַ שפיל פון בורזשואזיע, און ביידע שפילן פלעכטן זיך איבער אין אומויפהערלעכן קאמף. עס קעמפן צווישן זיך באוועגונגען, טעמפן און ריטמען, וועלכע גיבן שוין אין זייער סכום דעם איבערפלעכט פון קלאסן און שיכטן.

די שפיל איז פארשאַרפט קעגן דער קלאָר אויסקריסטאליזירטער בורזשואזיע, וועלכע האָלט שוין באַ איר אָפגאַנג,—די צעגלידערונג אין „אַמכאָ״ בלייבט נאָך פאַרשאָטנט, עס בליצן נאָר דורך רעמאָזים אף מעגלעכע שטרייטן אין אים. פונם סאַמע „דעק״ פון „אַמכאָ״, פון די ארבעטער, איז געגעבן געוואָרן נאָר איין שטריך, וועלכער איז אָבער דער סאַמע בוילעטער און וועזנטלעכער סימען זייערער: דאָס איז דער קולט פון אַרבעט און מי. און אינם „גרויסן געווינס״ איז וואונדערלעך אויסגעדיכטעט די ליכטיקע פרייד פון אַרבעט. ווי עס עפנט

זיך נאָר דער פאָרהאַנג אינם ערשטן אַקט, אזוי ווערן מיר שוין פאַר־שיקערט און פאַרצויבערט דורך אַרבעטס־פרייד: די זשעסטן, די באַ־וועגונגען, די טעמפּן, די ריטמען, די מוזיק, דאָס געזאַנג — אלץ איז דורכגעדרונגען מיט דערהויבענעם עקסטאַז פון אַרבעט, פון פּראָ־דוצירן. און די פרייד פון אַרבעט שפּילט שטענדיק אין די אַרבעטער. זייערע ליידן און פריידן טראָגן אַף זיך דעם שטעמפּל פון באַפליגלטער מי. אין פערטן אַקט, ווען מאָטל און קאָפּל (גערטנער און גאָלדבלאָט) טראָגן זיך ווי לייכטע פרילינג־ווינטלעך איבער דער בינע מיט דער ליד פון זייער ליבע („זאָג מיר, מאָטלו!" — „וואָס איז, קאָפּל?") צוביילקען (ראם); ווען מאָטל און ביילקע דריקן אויס זייער ליבע אין קונדייסיש־שטיק פון גאַסן־אַרלעקינען מיט טענץ אונטער דער „מוזיק" פון אַ שפּילקעסטל, וואס עס פאַרענדיקט זיך מיט:

„באַ מיין לעבן איך שווערו" (ביילקע)

„און איך באַ אייזן און שער" (מאָטל),—

שטראַלט דערפון פרייד פון אייביקער אַרבעט־יוגנט.

„יוגנט האָב איך, יוגנט איז מיין גרויסער, גרויסער אויצער" (קוויטקאָ). אָבער ניט קיין פּערזענלעכע יוגנט, נאָר יוגנט פון אַ קלאַס, פון זיין אוראַלטער סטיכיע — פון דער אַרבעט.

און מיר פילן, אַז ווען דיראַזיקע דערווייל נאָך אינסטינקטיווע, סטיכישע פרייד פון אַרבעט וועט באַזינט ווערן, ווען די פרייד פון אַרבעט וועט פאַרוואַנדלט ווערן אין דער אידעאָלאָגיע פון אַרבעט, וועט דאָס מוזן ברענגען צום פריידיקן זיג פון דער אַרבעט. און אין פינאַל פונם פערטן אַקט, ווען, באַפרייט פונם קאשמאַר פון די „צוויי הונדערט טויזנט", וואָס האָבן זיך געהאַט ווי אַ מין דיבעק אריינ־געכאַפּט אין איינעם פון זיי, לאָזט זיך „אַמכאָ" אין אן אייגנאַרטיקן מאסן־טאַנץ מיט זשעסטן און באַוועגונגען, ווי זיי וואלטן פון זיך עפּעס אָפּטרייסלען, גלוסט זיך אונז מיטשעפּטשן דעם טעקסט פון דער רוסישער מאַרסעליעזע: „לאָמיר זיך אָפּזאָגן פון דער אַלטער וועלט, לאָמיר אָפּ־טרייסלען איר שטויב פון אונזערע פיס"...

---



„דאס גרויסע געווינס"

(1-טער אַקט).

און אַפן צווייטן פּאָליוס — א פאַרגווילעמטע וועלט פון געלט-מאַגנעקענעס, א קלאַס, וואָס אלע פסיכישע יעסוידעס זיינען באַ אים אויסגעגאַנגען און וואָס איז מעסוגל געבראַכט צו ווערן אין ריין מע-כאַנישע באַוועגונג נאָר דורך איין צוויבער-שפּרונג: „צוויי הונדערט טויזנט!‟ אָדער „קאנטא-קורענט‟. דעם קאַפּיטאַל גיבן זיי אָפּ די גאַנצע הימלישע און ערדישע מאַכט:

— „אויב אַן אַליע — איז איין שול באַ מיר‟

— „און אויב קרעדיט — בין איך באַנקיר‟

— „גאָט האָט געוואָלט, האָט ער געגעבן —

מיט מאַזל!‟

אונטער אַ „קאַלאַנאַדע‟ פון צוויי גווירים — אַן אלטן און אַ ניי אויפגעקומענעם, גייט דורך, זיך בוקנדיק, א ריי גווירים-מאַריאָנעטן, און איבער דער „קאַלאַנאַדע‟ פּאַכט אַ בעזים פון אַ גאַסנקערער — א בעזים, ווי א סאַטירישע „קרוין‟ באַם אויפגאַנג און ווי א סימבאָל פונם קומענדיקן פינאַל זייערן...

דאָס איז דער ערשטער אויפטריט פון דער גווירישער וועלט אין „גרויסן געווינס‟.

דערנאָך קומט דער גווירישער באַל מיטן פּראָגראַם-הימן: „מע דאַרף ניט זיין שיין, מע דאַרף ניט זיין פיין, מע דאַרף ניט זיין קלוג, — מע דאַרף נאָר האָבן גליק!‟. דאָרטן, באַ „אַמכאָ‟, שטראַלט די ליבע מיט פרייד אונטערן געקלאַנג פון „אייזן און שער‟ און אונטער הילך פון שפּילקעסטל, און דאָ זיצן „געערטע דאַמען‟, זיפצן נאָך „שנייערסאָנס‟, „בראָדסקיס‟ און דערקלערן קימאַט געשלעכטלאַז „ליובאָוו איז דאָך ליובאָוו!‟ און ווען באַ מאַטן שיין פון די לייכטערס הייבן זיך אָן רוקן צום „טיש‟ אָפּגעלעבטע פיגורן פונם גווירישן אוילאָם-האַטויע באַ טונקעלע טענער פונם ניגון, וואָס עס גרימפּלען אַפּאַטיש די שאַגאַליזירטע קלעזמער, מאַכט עס דעם איינדרוק, ווי א מין „אל מלא‟-טאַנץ אף אַ לעוואַיע-פּראָצעסיע איבער אַן אָפּגעשטאָרבענעם קלאַס.

דאָס גייט שוין ארויס ווייט פונם געדער פון א ריין אידישער קאָמעדיע, דאָס איז שוין אַן אוניווערסאַלע קאָמעדיע, וואו די בורזשואַזיע

ווערט מאַמעש גיליאָטינירט דורך דער סאָציאַלער סאַטירע פון דער אָקטיאַבר-עפּאָכע.

---

און אינמיטן דידאַזיקע צוויי פּלאַנגען — די קאָמעדיע פונם עכטן קליינבירגערטום, פון שימעלע סאָראָקער, אין וועלכן עס לעבט נאָך די אַלטע נעשאָמע פונם אידישן לופט-מענטש און דאָן-קיכאָט, אָבער וועלכן עס באַהערשן שוין די נייע באַגערן צו ווערן אַ גוויר. אַ מאָדערנער כאָלעם פון אַן אַלטן שניידער. אין טאָך איז ער אַ שניידער, אַן „אַמכאָ”, נאָך אַ פּאַטריאַרכאַלער באַלעבאָס פון שניידער-געזעלן, אָבער ער וואַרט שוין אויף דער גליקלעכער „ציִאונג”. און ווען עס גליקט אים אָפּ, און ער ווערט פון שימעלע סאָראָקער „סעמיאָן מאַ-קאַראָוויטש” באַקומען מיר אַ מין אידישע וואַריאַציע אויף מאָליערס *) „בירגער אַלס אַדלמאַן”. דאָ ווערן געגעבן וואונדערלעכע בילדער פונם אידישן (און ניט בלויז אידישן) קליינבירגערטום, מיט דער באַנאַליטעט פון זיין אַלטעגלעכן אומגאַנג, מיטן מוסער-האַסקל פון „ליוזיאָנען” (קינע-מאַטאָגראַפן), מיטן אומגעשיקטן גליכן זיך לויטן עכט-גווירישן פּראַנט „וויפיל אַ נאָגיד עסט איינגעמאַכטס”), — האקלאַל, דאָס אויפגעקומענע באַלעבעסל אין זיין גאַנצער פּראַכט. דאָ שפּילט שוין שאָלעם-אַליכעמס, וועלכער באַקומט ווידער אין קאַמער-טעאַטער זיין גרעסטן קינסטלערישן טיקון...

---

און אין דערדאָזיקער פאָרשטעלונג האָבן מיר שוין די ווייטערדיקע שטופע פון אַקטיאָרן-שפּיל, — שפּיל פון איינצלנע אַרטיסטן, ניט בלויז פון מאסן-האנדלונגען.

אין צענטער שטייט אויך דאָ, פאַרשטייט זיך, מיכאָעלס. שימעלע סאָראקער, וועלכער פאַרנעמט אין שאָלעם-אַליכעמס גאַלעריע קיין אָרט ניט, איז דאָ אויסגעוואקסן אין אַ געניאַל בילד. שימעלע סאָראָקער איז פאַרוואַנדלט געוואָרן דורך מיכאָעלסן אין איינע פון די גרעסטע שאַפונגען פונם אידישן קאַמער-טעאַטער. דער געמיש פון אַ האָצמאַך

---

*) מאָליער — אַ גרויסער פראַנצויזישער קאָמעדיע-פאַרפאַסער פון 17-טן יאָרהונדערט.

מיט א פאַטריארכאַלישן שניידער-באַלאַבאָס, אין וועלכן עס רייסט זיך שוין אָפּט דורך, האַגאַם נאָך נאַאיווע, „באַלאַגופּישע" טנועס, איז דאָ געגעבן געוואָרן אין א העכסט קינסטלערישער פאָרם.

דאן גייט זוסקין—דער שאַדכן סאָלאָווייטשיק. אַן אויסגעטרוימט בילד פון א אידישן שאַדכן, מיט זיין האַנדלען און וואנדלען, מיט זיין צונויפירן „אַ וואַנט מיט א וואַנט", אליין שוועבנדיק אין דער לופטן אף זיין קלאסישן „שירם".

און די שניידער-געזעלן, גערטנער (מאָטל) און גאלדבלאַט (קאָפּל)—דאס זיינען די ערשטע קינסטלעריש געגעבענע ארבעטער-געזעלן אף דער אידישער בינע. באזונדערס אָנציענד איז גערטנער — מאָטל, דער עמעסער יוגנט־טעמפּ פון סטיכישן אַרבעטער-באַגינען. ערשט אויפגעקומען אף דער אידישער ב־נע, איז דאס שוין קימאט געוואָרן סצענישע קלאַסיק אין א ניט באארבעטן געביט...

אָנגעמערקט, אָבער ניט גענוג אנטוויקלט איז עטיע-מעניע (ראטבוים), גאנץ קאלאריטיש איז אָשער פיין אין דער פאַרקערפּערונג פון נארוויד, און א גאנץ בוילעטע פיגור פון דעם הויז-פאַרוואלטער קאלטון גיט קראַשינסקי.

איבערהויפּט האָבן מיר שוין אין דערדראַמאַטיקער פאָרשטעלונג א גאנץ גרויסע צאָל מער אָדער ווייניקער געלונגענע איינצל-געשטאלטן, געשאפענע דורך די אַרטיסטן פונם אידישן קאַמער-טעאַטער (ביילקע—ראָם—דערהויפּט אין דער סצענע מיטן שפּילקעסטל; שידלאָ — בוכהאלטער; ניי און פינקלקרויט—וויגדארטשיק און רובינטשיק א. א. וו.).

---

אבער באזונדערס גלענצנד און ערפינדעריש איז דער איקער דער רעזשיסער אליין — א. מ. גראַנאָווסקי. ער האט דאָ געגעבן א רײַ מאיסטער-סצענעס, וואס וועלן פאַרבלייבן ווי אומפארגעסלעכע קלאסיק פון דער נייער אידישער (און ניט בלויז אידישער) בינע. די סצענע פון דער גווירים-פראָצעסיע אונטער דער „טויטלעבעדיקער קאלאנאדע" מיטן אידישלעך-גווירישן נאַפּאָלעאָן, שימעלע סאָראָקער, בערויש; די סצענע מיטן לעבעדיקן קינעמאטאָגראף („א גרויסער סייכל!") אין צווייטן אקט;

די סצענע פון קעמוי-פּאַטאָגראַ־זירן אפן גווירישן באל; די ליבע-דער־קלערונג פון מאָטל און בײלקע אונטער „מוזיק״ פון א שפּילקעסטל,— איבערהויפּט די גאנצע אראַנזשירונג איז איין אויסגעגאסן מאַיסטער-שטיק.

אָבער, צום באדויערן, קאָן מען די פארשטעלונג נאָך ניט רעכענען פאַר פארענדיקט. דאָס צווייטע בילד פונם צווייטן אַקט איז ווי ניט דערמאַכט. אין זיין איצטיקן אויסזעען מאַכט עס דעם איינדרוק פון באנאלע אפּערע-שטיק, וואָס פּאַסן זיך לאכלוטן ניט צו די גענג פון אַרבעטער-כעוורע. דער פינאל פונם פערטן אַקט איז צופיל איבערגעלאָדן מיט טענץ און געזאַנג קימאַט אן שום טעקסט. און דאָס שאַדט דעם איינהייטלעכן איינדרוק. די פאַרשטעלונג ווארט נאָך אין דער הינזיכט אַף דער לעצטער רעדאַקציע פון דעם רעזשיסער.

---

אין „גרויסן געווינס״ האָט דער רעזשיסער אפאָנים באַשלאָסן זיך באַגיין מיט נאך ניט אויסגעפּראוווטע טוער אין די געביטן פון דעקאראַטיווער קונסט און מוזיק. איז די דעקאראַטיווע קונסט ארויסגעקומען נאָך ווי עס איז. זי האָט שוין די מאילע, וואָס זי שטערט בעשום אויפן ניט דעם ארגאנישן גאַנג פון דער פארשטעלונג. אַנדערש איז אָבער מיט דער מוזיק.

דער אידישער קאַמער-טעאַטער האָט אַף זיך גענומען די שליכעס וואָס באַ אַנדערע פעלקער פלעגט אויספילן אן אפּערן-טעאַטער: ער זאַמלט צונויף, ווארפט אין דער מאַסע מוזיקאַלישן פאלקלאר אין אַ קינסטלעריש-באַאַרבעטער און מאַדערניזירטער פאָרם. דערביי דערפילט ער איין זייער וויכטיקע אויפגאבע: ער עמאנציפּירט דעם אידישן מאָטיוו, דעם אידישן ניגן פון דער שול-דיקטאַטור. ווייל אזוי ווי דער בייסהאַמעדרעש איז געוועזן דער צענטער פונם אלטפרענקישן „אידנטום״, האָבן אפילע וועלטלעכע מאָטיוון באקומען אַ רעליגיעזן בייטאם. דער קאַמער-טעאַטער קערט זיי אום צו זייער וועלטלעכן שוירעש, און אויסער דעם קאנאניזירט ער די ריין-וועלטלעכע גאַסן-מאָטיוון, וואָס האָבן קיינמאָל מיט דער שול ניט געהויזט, אָבער מיט וועלכע מע פלעגט זיך ווי „שעמען״.



„דאָס גרויסע געווינס"

(1-טער אקט).

אַזוי האָט דער טעאַטער געהאַנדלט אין „מאַזלטאָוו“, אזוי האָט ער געטאָן באזונדערס אין דער „קישעפמאַכערין“ און דאָס האָט ער זיך פארגענומען אין אַ גרויסן מאַסשטאַב אין „גרויסן געווינס“.

דאָ האָבן מיר, פון איין זייט, דעם מאָטיוו פונם רעליגיעזן „אף ברי“, לעמאָשל, וועלכער ווערט פארוואנדלט אין אַ הומאריסטישע קאַבצאָנים-ליד וועגן „און קיין געלט איז ניטאָ“; דער ציאניסטישער הימן „אל יבנה הגליל“ ווערט פארוואנדלט אין ליד פון אַ שניידער-יונג „אונטערן גלעזל“. אין פערטן אַקט ווערן די כאַסענע-ניגונים שארזשירט ביז דער לייצאָנישער קופּע,—און אזוי ארום עמאנציפירט פון זייער קאָנפעסיאנעלן הייטל, גייען זיי גלייך איבער אין פריידיקע אמכאדיקע וואקכאנאליע-ניגונים. און פון דער אנדערער זייט, זיינען דאָ רעאבילי-טירט אַ גאַנצע ריי גאַסן-לידער (אפן מאטיוו פון „אוי, אווראַם, איך קאָן אָן דיר ניט זיין“, „דירע געלט דעם גאראדאוואי“, דער שפּילקעסטל-מאטיוו א. אז. וו.).

דאָס איז איינע פון די וויכטיקסטע מעטאָדן פונם קאַמער-טעאַ-טער, אָבער דערצו מוז דער קאמפאזיטאר האָבן אינערלעכע דערפא-רונג אין דעמדאָזיקן שניט. צום באדויערן, איז דערדאָזיקער געביט פאַר ל. מ. פולווער אַ גאַנץ נייער, און ער איז מיט דער אויפגאבע ניט אינגאַנצן פארטיק געוואָרן. ער פאלט דאָ אריין אָדער אין אלטמאָדישע קלעזמער-געענג, אָדער אין עמעסע שול-„מאראליש“, אָדער פאָשעט אין אפערע-שטיק (באזונדערס אין בילד פון אוועקגאנוועגן ביילקען). אין רעזולטאַט ווערן דאָ די מאטיוון עמאנציפירט ניט אזוי דורך דער ארקעסטרירונג, נאָר דורך דעם עצעם שפּילן פונם ארטיסטן-אנסאמבל. אין דעם פראט איז די מוזיק פונם „גרויסן געווינס“ א פיל קלענער געווינס פאר דער אידישער מא-סאָווער מוזיק-קולטור, איידער די מוזיק פון דער „קישעפמאַכערין“...

---

אָבער דער סאכאקל איז: אַ פּראכטפולע קאמעדיע פון גרויסן מאַסשטאַב און אין אַ מאדערניזירטן מאליער-סטיל, א קאמעדיע מיט אַ גרויסן רעוואָלוציאנערן אינהאַלט, וועלכער איז פארקערפערט אין העכסט קינסטלערישע פאָרמען.

# „דער געט"

די פּאָרשטעלונג „דער געט" איז א נייע גרויסע דערגרייכונג פונם אידישן קאַמער-טעאטער, — א דערגרייכונג סאַי אין קינסטלערישן, סאַי אין אידעאָלאָגישן זין.

אין קינסטלערישן זין איז די פּאָרשטעלונג שטארק, ערשטנס, דערמיט, וואָס זי האָט אונז באוויזן א שול פון ריין אַקטיאָרישער מאַיסטערשאַפט. אין דער שאָלעם-אַלייכעמשער מיניאַטור האָט א. מ. גראנאווסקי באוויזן, אז זיין סיסטעם פון מאַטעמאַטישער בוילעטקייט און אויסגערעכנטקייט, זיין מעטאָד פון ראציאנאליזירן די קערפּער-לעכע און נעשאָמישע סצענישע באַוועגונגען מעכאַניזירן ניט די אַקטיאָרישע שפּיל, ווי פארשיידענע קאַסרילעווקער און ניט קאַסרילעווו-קער מעפונאָקים האָבן אין אָנהויב דעם קאַמער-טעאטער פארגעוואָרפן, נאָר, אַדעראַבע, זיי זיינען מעסוגל צו באַפליגלען דעם מאָדערנעם אַקטיאָר, זיי סטימולירן און אָרגאַניזירן וויסנשאַפטלעך די שאַפונגס-פּראָצעסן פונם שוישפּילער. אין די פאָריקע ספּעקטאַקלען פלעגט דער צושויער אָדער פאַרבלענדעט ווערן פונם גרויסן ארטיסט מיכאָעלס, אָדער ער פלעגט באַהערשט ווערן פון די וואונדערשיינע מאַסן-שפּילן, אזוי, אז אף איינצלנע ארטיסטן פלעגט מען ניט ווענדן קיין באזונדערע אויפמערקזאמקייט. אין „געט" פיגורירט ניט מיכאָעלס, און ס'זיינען ניטאָ קיין מאַסן-שפּילן, — טרעט ארויס קלאָר און בוילעט די מאַיסטער-שאַפט פון איינצלנע אַרטיסטן און אַרטיסטינס.

די צענטראַלע פיגור אין דערדאָזיקער פּאָרשטעלונג איז ראטבוים (סאָרע-כאַנצע). אין „געט" איז זי קימאַט דיזעלבע איבעראַשונג פון

קאַמער-טעאַטער, ווי מיכאָעלס איז געווען אינם ערשטן מאָסקווער אַרויס־
טריט פון קאַמער-טעאַטער אין „אַגענטן" און „מאַזלטאָוו". מיט ראַטבוים—
סאָרע-כאַנצע האָט דער קאַמער - טעאַטער געגעבן דער אידישער בינע
די ערשטע מאָדערנע ארטיסטין, אף וועמען דער אידישער טעאַטער זאָל
זיך שוין קאָנען אָריענטירן סאַי אין זינען פון שפּילן, סאַי אין זינען פון
אינטערפּרעטירן (אויסטייטשן) ליטעראַריש-דראַמאַטישע פיגורן און סאַי
אין זינען פון דער אידישער שפּראַך.

סאָרע - כאַנצע איז אייגנטלעך ניט קיין צענטראַלע פיגור ניט
אין דער שאָלעם-אַלייכעמשער טיפּן - גאַלעריי און ניט אין דער טיפּן־
גאַלעריי פון דער אידישער ליטעראַטור איבערהויפּט. נאָר ראַטבוים
האָט אדאנק גראַנאָווסקיס פּארטיפּטע קינסטלערישע און אידעאָלאָגישע
טעאַטער - מעטאָדן געמאכט פון דער צופעליקער סאָרע - כאַנצע ניט
בלויז א סצענישן, נאָר אפילע א ליטעראַרישן ווערט, וועלכער וועט
פאַרבלייבן אין דער אידישער קונסט - קולטור. די אַלטאידישע „איי
שעס - כאַיל", וועלכע האָט ניט וואו אַהינצוטאָן אירע ברויזנדיקע
קרעפטן און ענערגיע אין דער סוויווע פון באַטלאָנעס און ספּאָרים־
גריבלעריי, און ווערט דער איקער פּאַרוואַנדלט אין א פאַרביטערטער
מאַרשאַאַס, אין א מין אידישלעכן נאַפּאָלעאָן אין א קליידל און
מיט א בעזים אף די אַקסלען, — דידאָזיקע אויסגעטרוימטע און אויסגע־
שפּילטע געשטאַלט גיט ראַטבוים איבער מיט דער גרעסטער קינסטלע־
רישער בוילעטקייט. צו די פיגורן, וואָס דער קאַמער-טעאַטער האָט אונז
שוין געגעבן (מענאַכעם-מענדל, רעב אלטער, האַצמאַך און שימעלע
סאראָקער דורך מיכאָעלסן; די קישעפמאַכערין און דעם שאַדכן סאָלאָ־
ווייטשיק דורך זוסקינען א. אז. וו.), איז צוגעקומען א נייע סצענישע
פּארקערפּערונג, געשאַפן דורך ראַטבוים.

א באַזונדערע אויפמערקזאמקייט פאַרדינט ראַטבוימס שפּראַך אין
„געט". א זעלטן בוילעטע און שיינע שפּראַך. ביז אהער האָבן מיר אין
קאַמער-טעאַטער געהאט נאָר די שיינע, דורכגעטראַכטע און בוילעט־
סצענישע שפּראַך פון מיכאָעלסן און אינטערעסאַנטע פּרוואוון פון נאר־
ווידן (אין „אוריעל אַקאָסטא"), איצט איז אויך צוגעקומען ראַטבוימס

שפּראַך אין „געט״. ס׳איז איבערהויפּט נויטיק, אז אף דער שפּראַך פון די ארטיסטן פון אידישן קאַמער-טעאַטער זאָל געלייגט ווערן די גרעסטע אויפמערקזאמקייט, ווייל ס׳איז אונזער איינציקער מוסטערהאפטער אין אלע הינזיכטן טעאטער, טאָר דאָרט ניט דערלאָזט ווערן, אז די שפּראַך, אפילו אין דער קלענסטער ראָלע, זאָל גרילצן אין די אויערן,—און דאָס טרעפט דאָרט אַמאָל, צום באדויערן. דעמדאָזיקן וויכטיקן מאָמענט דאַרפן אלע ארטיסטן און ארטיסטינס נעמען אין באטראכט, ווייל די שפּראַך פון מיכאָעלס און ראַטבוים איז אויך א גרויסע קונסט-דערגריי-כונג פונם אידישן קאַמער-טעאַטער.

אָבער מיט ראַטבוים ווערט ניט אויסגעשעפּט די אַקטיאָרישע דערגרייכונגען פונם ספּעקטאַקל. א שאַרפע און א פארגעדענקלעכע פיגור פונם מאַסקיליש-מיסנאַגדישן איידעם (מאָטעלע) גיט אונז גערטנער. דער רעזשיסער האָט דאָ אויסגענוצט א ניי מיטל פון סצענישער שיל-דערונג: ער גיט איבער סצענישע כאַראַקטעריסטיקעס פון פארשיידענע אידישע קולטור-טיפּן (כאָסיד און מיסנאַגעד) דורך אַנטשפּרעכנדיקע דיאַלעקטן. האַגאַם גערטנער פאַרפלאַכט און „פאַרמיסנאַגעדט״ גאנץ געלונגען דעם פוילישן דיאַלעקט און מאכט דורך דעם בוילעטער דאָס בילד פון א באַלעבאַטיש-מאַסקילישן יונגן מאַן, אָבער פאָלקלאריסטיש האָט דאָ גראַנאָווסקי פארגרייזט. דער פוילישער דיאַלעקט איז לויט אלע זיינע אייגנשאַפטן ניט קיין מיסנאַגדישער, נאָר א ריין כסידישער... דאָך איז דער עצעם-מעטאָד, אָנגעצייכנט דורך גראַנאָווסקין און פאַרווירק-לעכט דורך גערטנערן, א גאנץ שאַרפזיניקער און באַרעכטיקטער.

טאַקטפול, אָפּגעהיט פון צו פיל שאַרזשירן איז מינקאָווע אין איר ראָלע פון א פאַרגוילעמט ווייבל (עטעלע), וועלכע איז „פאַרקאָכט״ אין איר מיסנאַגדישן מאָטעלע און איז פון אים געליבט.

ראָגאלער (רואוון הערש) איז, עמעס, אביסל צו ליריש און עמא-ציאָנעל פאַר די „אייזנבעטאָנישע״ מעטאָדן פונם קאַמער-טעאטער, אָבער ער גיט א געלונגען בילד פונם זיידענעם לאַמדן, באַ וועמען דאָס ווייב „גייט אין די הויזן״.




„געט".

און זוסקין גיט אין זיין עפּיזאָדישער ראָלע (רעב שאָלעם) א גלענצנד שאַרפן און קאָלאָריטישן וואַריאַנט פון שאָלעם-אַלייכעמשן שאַדכן.

אזוי, אַז אין א גאנץ קליינער מיניאַטור, ווי דער „געט", דע-מאָנסטרירט אונז שוין דער קאַמער-טעאטער אַ מערקווירדיק בינטל גאַנץ באגאבטע אַרטיסטן.

און שאַרף און אויסדריקלעך, אין פארטיפטן סטיל פונם קאַמער-טעאַטער, איז די איינציקע מאַסן-סצענע פונם ספּעקטאַקל — די סצענע פונם געט. דער ראָוו (קראַשינסקי) מיט זיינע „עשרה (צען) באַטלאָנים", זייער אויסריכטן דעם געט, דערנאָך זייער טאַנץ מיט לאַמטערנעס, ווי פארלוירענע מאַסקעס פונם אידיש-קליינבירגערלעכן אוילאָם-האַטויע,— דאָס איז אַן עמעסער „באַרוך דאַיאַן עמעט" איבער דער אָפּגעשטאָרבע-נער וועלט פון דער אלטער אידישקייט. און דאָ קומען מיר שוין צו דער אידעאָלאָגישער זייט פון דער פאָרשטעלונג.

גראַנאָווסקי האָט דאָ געהאַנדלט לויט זיין אויסגעפּרואוטן מעטאָד: ער נעמט געוויינלעכע שטייגער-פּיעסן, אַנטבלויזט זייער סאָציאַל-פּסיכאָ-לאָגישן סקעלעט, פארשאַרפט זיי און טייטשט זיי אויס סצעניש אזוי, אַז זיי ווערן אומגעריכט פאַרוואַנדלט אין רעוואָלוציאָנערע זאַכן. און אין דעם „שאָלעם-אלייכעם-אָוונט" זעען מיר די עוואָלוציע, וואָס די סצענישע אידעאָלאָגיע פונם קאַמער-טעאַטער האָט דורכגעמאַכט פאַר זיינע מאָסקווער יאָרן. „מאַזלטאָוו" איז נאָך גוטמוטיק הומאָריסטיש, ניט געקוקט אַף זיין פינאַל; „ס'אליגן" איז שוין מער סאַטיריש; „דאָס גרויסע געווינס" איז שוין אינגאַנצן א טעאַטראַלע סאַטירע, אָבער צוליב דעם האָט דער רעזשיסער בעקיוון פאַרגוילעמט די בורזשואַזע פערסאָ-נאַזשן. „געט" איז שאַרף סאַטיריש לויטן עצעם צוגאַנג: מענטשן זיינען דאָ לעבעדיקע, באַוועגלעכע, אָבער זיי לעבן און באַוועגן זיך ווי אין אוילאָם-האטויע, ווייל זיי האָבן ניט קיין קויכעס ניט צו לעבן און ניט צו באַרואיקן זיך אין זייערע קוואָרים אַף דער וועלט. און סאַי דער פּראָטעסט-הימן פון די באַטלאָנים („פע, אָבער גאָר פע"), סאַי דער טאַנץ פון די לעבעדיקע מייסים מיט זייער וואונדערלעך צוגעפּאַסטן ניגן

וועלכער ענדיקט זיך מיטן האָפּענונגסלאָזן קרעכץ „סאָרע-כאַנצע״, טאַי דער פינאַל, ווען רואוון-הערש הענגט זיך און זינגט הענגענדיק, שוין נאָכן טויט זיין ליד „פּע, פּע, אָבער גאָר פּע״,—דאָס זיינען אלץ שאַרף פאַרטראַכטע און בוילעט אויסגעפירטע מאָמענטן פון רעוואָלוציאָנערן אַנטבלויזן די קליינבירגערלעכע אידישקייט: גיט זי לעבט, ניט זי איז נאָך אינגאַנצן אָפּגעשטאָרבן. און אפילע זייער „יוגנט״ (מאָטעלע און עטעלע) איז פאַרגוילעמט, און פון יוגנטלעכער ליבע - ליד בלאָזט אַ קוואָרים-ווינטל.

און ווידער האָט דער קאַמער-טעאַטער אויסגענוצט זיינע אויסגע-פּרואווטע מעטאָדן: מוזיק און דעקאָראַטיווע קונסט אלס אָרגאַנישע אנ-טיילנעמער אין שאַפן דעם ספּעקטאַקל. דער קאָמפּאָזיטאָר אַל. קריין האָט דאָ ארויסגעוויזן זיין גרויסן טאַלענט און וואונדערלעכן כוש, און זיין באַאַרבעטונג פון די ניגונים און מאָטיוון דרינגט אריין טיף אין טאָך פון דער געשילדערטער סוויווע און פון אירע איינצלנע פּערסאָ-נאַזשן. קריינס מוזיק אין „געט״ איז איינע פון די גרויסע געווינסן פונם קאַמער-טעאַטער, וועלכע מע דאַרף צורעכענען צו די ווערק פון שא-גאלן, אלטמאנען, ראַבינאָוויטש און אַכראָן.

דערצו דאַרף מען נאָך צוגעבן די טרעפלעכע קאָנסטרוקטיווע דעקאָראַציעס און די קאָסטיומען פונם יונגן קינסטלער ראַביטשעוו, וועלכע דערגאנצן דאָס בילד.

דער „געט״ איז א שיינער קאנדענסירטער סאַכאַקל פון פינף יאָר קאַמער-טעאַטער.

# קליינקונסט

דער אידישער קאמער-טעאַטער פאַרמאגט פיל פרייד — פרייד אַנגראָ און פרייד לאכאדים. גיסט ער פאנאנדער די אַנגראָ-פרייד אין זיינע מאנומענטאלע פאָרשטעלונגען, און די לאכאדים-פרייד שטראלט ער אויס אין „קליינקונסט", וואס ער שאפט ביינע לעביינע, אין שטונדן פון שפילעוודיקן אָפרו, צווישן איין גרויסער ארבעט און דער צווייטער.

„קליינקונסט" — דאס איז קונסט אין פ י ז י ש קליינע מאָסן און פארנעמען, וועלכע בלייבט אבער און מוז בלייבן ניט געמינערטע קונסט אין אלע אנדערע הינזיכטן. דאס איז טראפּנס קונסט, אין וועלכע עס שפּיגלען זיך אפּ באַשטימטע „וועלטן און וועלטעלעך" אונטער א באַזונדערן זע-ווינקל מיט אַ באזונדערן צוגאַנג. אין קליינקונסט איז דער קינסטלער פריי פונם שווערן צוואנג פון גרויסע, אויסשעפנדיקע קאוואַנעס, זיין שעפערישער בליק גיט, ווי אן איינצל-שטראל פון א פראָזשעקטאָר, א טאַפּ אָן עפעס אַן אפּגעזונדערטן מאמענט, דערשיינונג, פאקט אָדער עפּיזאָד, באַלייכט אים און פארשווינדט, איבערלאָזנדיק א באַשטימטן אָפּזאץ.

ווען און וואו איז אַנטשטאַנען די קליינקונסט און וועלכע סיבעס האָבן זי ארויסגערופן צום לעבן — וועגן דעם וועלן מיר דאָ ניט ריידן, אָבער איינס ווילן מיר דאָ פאַרצייכענען: די בורזשואזיע האָט פאַרוואַנדלט ד י ק ל יי נ ק ו נ ס ט א י ן ק ל יי נ ל ע כ ע ש ו נ ד ק ו נ ס ט, א י ן ק י צ ל - ק ו נ צ ן פאר די זאטע און דעגענערירטע שיכטן פון דער קאפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט. פון קאַבאַרע, וואס איז אויפגעקומען ווי א מיקלאט פאר

שפילגייסטער, וועלכע האבן זיך געפילט געענגט אין זייער בורזשואזער געזעלשאפט און זוכן וואו און ווי אויסצוגיסן קעגן איר זייער אויפגערודערטן געמיט, איז געוואָרן שאנטאַנען און „וואַריעטע"-טעאַטערן, וואו עס בליט ניבלפע, אומציכטיקייט און באלעבאַטישע באגרעניצטקייט אין זייער גאנצן „גלאנץ".

דערפון איז אָבער די קליינקונסט אלס אַזעלכע ניט געפּאַטלט געוואָרן. אַדרעאַבע, לויט איר עצעם און פארמען איז זי עפשער מער צוגעפאסט צו דער גאַס אין גוטן זינען פון ווארט, זי איז מעסוגל צוליב איר צוגענגלעכקייט סאי ארייננזאפן איינצל-מאמענטן פון מאסאוון האנדל-וואנדל, סאי ארייננציען אין איר קרייז אומגעריכטע שעפער פון צווישן די מאסן. ניט אומזיסט ווערט, לעמאָשל, אין מאָסקווע אין א געוויסער מאָס קולטיווירט די אַזוי אָנגערופענע עסטראדע-קונסט.

דער אידישער קאמער-טעאטער, וועלכער האט אף זיך גענומען די מיסיע אויסצובויען אלע געביטן און זשאנרען פון אידישער טעאטער-קונסט, האט געווענדעט און געמוזט ווענדן זיין אויפמערקזאַמקייט אויך אף דער קליינקונסט. אבער די קליינקונסט אינם אידישן קאמער-טעאטער האט נאך א באַשטימונג: זי איז דאָס מיטל צו רעאליזירן דעם איבערפלוס פון שעפערישע קויכעס, וועלכע אירן און ברויזן אין אים. אין די גרויסע פארשטעלונגען שפילט דער טעאטער צוליבן אוילאָם, אין דער „קליינקונסט" שפילט דער טעאטער צוליב זיך: טאלענטן באַלעווען זיך, לאדן אויס זייער אנגעזאמלטן אימפעט, און עס איז שטענדיק א פרייד צו זען טאלענטן-שפיל...

אָבער בא דער גאנצער זארגלאזיקייט פון דער קליינקונסט אינם אידישן קאמער-טעאטער שטעלט ער דאָ פאַר זיך אויך געזעלשאפטלעך-קינסטלערישע אויפגאבן:

דאָ ווערן אפגעשליפן און אפגעפיילט איינצל-שטיקער און איינצל-עפיזאדן, וועלכע וועלן דארפן שפעטער ארייגגיין ווי באשטאנד-טיילן אין גרעסערע ארבעטן.

עס ווערן אויפגענומען, „רעאַביליטירט" און באארבעט מאמענטן פון מאסן-שאפונג און געזאמלט די קליינקונסט פון אונזער פאָלקלאָר.

עס ווערן אָפּגעשליפן און טרעפלעך געשיקט פאַרגיפטעטע פיילן אין געוויסע רעאקציאָנערע דערשיינונגען פון אונזער געזעלשאפטלעכן און קולטורעל=קינסטלערישן לעבן.

אזוי ארום באקומט אויך די קליינקונסט איר גרעסטן טיקן אף דער בינע פונם אידישן קאמער-טעאטער.

I

## „קאָמעדיאנטן-קארנאוואל"

„קליינקונסט", וועלכע באשטייט פון אַ גאנצער ריי גלענצנדע קאמעדיאנטן-שטיק און פריידיקע קונדייסים-געגנג.

גאסן-לידער, שיין אויסגעפירטע דורך ראָם. זי האָט אויפגעזאמלט אלע ניואנסן פון אידישע גאסן-זינגערינס און דערהויבט זיי צו מאדרייגע פון עכטער קונסט. די אויסשפראך, די טראפן, די שטים-מאדוליאציעס, די מימיק — אלץ, וואָס מעפונאקים האבן געהאלטן פאַר „וואולגאר", איז דא איבערגעגעבן מיט אזאַ עכט קינסטלערישער „אמכאדיקער" שליימעס, אז מיר דערפילן אַ ווארימען שטראם פון סימפּאַטיעס צווישן אונז און דער גאס — אונזער גאַס.

דאסזעלבע, האַגאַם אין אן אנדער פאָרם און זין, פילן מיר באם אַנסאַמבל „די ווארשעווער גאנאָווים". אזאַ אימפעט, אַזאַ אויפברויז, אזא דראַנגפולער הו-הא, אז מיר ווערן מאַמעש פארכאַפּט ווי דורך א ווירבל. מיר פארגעסן דאָ גאַנאָווים און לאָבוסן און זעען נאָר א מאסע און שטורעם. זאָל דער שטורעם זיגן — גאַנאָווים און לאָבוסן וועלן מעמיילע פארשווינדן. עכטער פאלקלאר, איבערגעדיכטעטער אין ריינע קונסט.

אָדער „בעשאס אַנטראקט אף דער „קישעפמאכערין". מאמעש א פראָזשעקטאָר-שטראל, געוואָרפן אף א ווינקל פון אונזער קולטורלעבן. זוסקין גיט וואונדערלעך איבער אלע „גייסט"-ניואַנסן פון אונזער בארופענעם „כינקע-פינקע"-צושויער און פון זיין טעאטער. א העל באלויכטענער מאָמענט פון אידישלעכער קולטור-געשיכטע.

„פריילעכס" „כסידישע טענץ" „כסידישע ליבע" — זיינען שוין

מאָמענטן, וועלכע דער טעאַטער גרייט אָדער האָט געגרייט פאַר זיינע גרעסערע אַרבעטן. דאַ גיט אונז דער טעאַטער די מעגלעכקייט אַריינצוקוקן אין די „קאָדשע-קאָדאָשים" פון זיין לאַבאָראַטאָריע. מיר דערזעען דאָ פאַר זיך אינטערעסאַנטע מעטאָדן און אויפגאַבן:

ערשטנס, אַן אָנגעשטרענגטער פּרוואו אָפּצורייניקן דעם כסידישן פאָלקלאָר פון זיין רעליגיעז-מיסטישן הייטל. צווייטנס, אַנטפּלעקן דעם קינסטלערישן סאָד פון דער כסידישער מיסטיק, שאַפן די ריכטיקע, אָנשוילעכע היסטאָריש-קולטורעלע פּערספּעקטיוו, קעדיי צו באַקומען די מעגלעכקייט צו שאַפן צווישן דער מאַסע און דערדאַזיקער מיסטיק דעם ריכטיקן מעהאַלעך...

באַ אונז זיינען, צום באַדויערן, פאַראַן צו „פרומע" קאָמוניסטן, וועלכע זיינען נויטע מאַכמיר צו זיין און צו אַסערן כסידישע טענץ אויף אַ רעוואָלוציאָנערער בינע. דאַרפן מיר זיי דערמאָנען, אַז אויף דער רוסישער בינע האָט נאָך ביז איצט קיינער זיך נאָך ניט דערטראַכט צו אַסערן טענץ פון „באָיאַרינעס", האַגאַם דידאָזיקע טענץ זיינען דורך און דורך דורכגעדרונגען מיטן רוסישן באַיאַרישן אַלטערטום, מיט זיין לייבאייגנטום, פּאָליטישער פאַרשקלאַפונג א. א. וו. אויסשיילן די פאָלקלאָרישע שיינקייט פון אירע היסטאָריש אָנגעוואָלגערטע רעאַקציאָנערע פלאַסטן, עמאַנציפּירן די פאָלקסקונסט פון איר רעאַקציאָנערן איבערבוי — דאָס איז די אויפגאַבע פון רעוואָלוציאָנערער קונסט איבערהויפּט, און דאָס טוט אויך דער אידישער קאַמער-טעאַטער סיי אין זיינע גרויסע אַרבעטן, סיי אין זיין „קליינקונסט".

דערנאָך גייט דער גלענצנדער שאַרזש פון דער „כסידישער מאַרסעליעזע", אַזוי מאַייסטערהאַפט אויסגעפירט דורכן אַנסאַמבל מיט מיכאָעלסן בעריוויש. דער גאַנצער „סאָד" פונם „אידישן פּעוואָראַל" מיט זיין ציאָניסטישער רעוואָלוציאָנערישקייט, מיט דער „קאַמפּס-גרייטקייט" פון פאַרשיידענע אייער-הענדלער*) באַ פאַרשיידענע „דעמאָקראַטישע" וואַלן זיינען

*) באַ די וואַלן צו די קעהילעס און צום אידישן צוזאַמענפאָר אין 1918 יאָר האָבן פיגורירט קאַנדידאַטן-צעטלען פון „אייער-הענדלער" א. ד. גל.

דא שאַרפזיניק איבערגעגעבן. „מי פאידיאמסיאָ". „דאכט זיך: אַי-אַי-אַי— גאר נאם ניע נאַדאָ" (וועגן דעם געלט-אָפּגאָט)...

און שוין גאָר אַ גלענצנדיקע זאך ניט בלויז אין געביט פון אידי-שער קליינקונסט איז דער „שידעך" — אַ „פּיעסע אין ח"י מוזיקן". עס איז זעלטן צו טרעפן אַזאַ שאַרפע קינסטלערישע סאטירע אפן גאנצן קלאפער-געצייג פון דער דעגענערירטער אָפּערע און אָפּערעטע, מיט זייער קאלבוי-מוזיק, מיט זייער באלעט, מיט זייערע ליברעטאָס, מיט זייער „איידלקייט און פיינקייט". מיכאָעלס אלס אָפּערע-זאקן, וואס באַכערט זיך, די מומעס און מעכוטענעסטעס, די קאלע, די באַלערינעס, די דעקאָראַ-ציעס, דער גאנצער ארום איז פול מיט אזא קינסטלערישן יוגנט-כוועק קימאט אפן גאנצן איצטיקן בורזשואזן טעאַטער-וועזן, אז דער „שידעך" איז, ניט געקוקט אף זיין הויך קוואליפיצירטער ריין-אידישער פארם, אן סאַפעק איינער פון די בעסטע נומערן אין דער מאָדערנער „קליינקונסט".

איבערהויפט באווייזט דער אידישער קאמער-טעאַטער אין זיין קאָמעדיאנטן-קארנאוואל", אז ער איז אין זיין „שקאָצערייי" פונקט אזוי יונג, פריידפול, קינסטלעריש און רעוואָלוציאָנער, ווי אין זיינע גרויסע און ערנסטע ארבעטן.

II

## „דריי פינטעלעך איד"

ווידער אַ ספּעקטאַקל, אַף וועלכן דאָס „גרויסע" פּובליקום לעבט איבער אַ דורכפאַל אָדער האַלט זיך אַף אַ האָר פון אַ דורכפאַל, און דאַפקע שוין צוליב דעם, וואָס דערדאָזיקער ספּעקטאַקל נעמט באַ אים אויסערגעוויינלעך אויס, — מער פון אַלע ספּעקטאַקלען פונם אידישן קאַמער-טעאַטער. אָבער דערדאָזיקער „דורכפאַל" אָדער קימאַט-„דורכ-פאַל" איז שוין אַזעלכער, אַז ער שטעלט מיט זיך פאָר אַ געפאַר פאַרן טעאַטער גופע.

אַ ספּעקטאַקל, וואָס זיין קאוואָנע איז—שאַרפע סאַטירע אַף אַלע „הייליקטימער" פונם בירגערלעכן „פאָלק יסראעל", נעמט אויס דאַפקע באַ דעמדאָזיקן פאָלק יסראעל און רופט אַרויס אַ סאַך ווייניקער באַ-גייסטערונג באַ דער אַרבעטערשאַפט, וואָס „פאַר איר, צוליב איר און מיט איר" אַרבעט דער טעאַטער.

וואָס איז די מאַיסע?

שוין מיט דער „קישעפמאַכערין" האָט זיך אָנגעהויבן אַ פעריאָד פון אייגנאַרטיקער דיאַלעקטיק אין די באַציאונגען פונם „גרויסן" פּוב-ליקום צום טעאַטער. אין דער „קישעפמאַכערין" האָט זיך דער טעאטער צוגערירט מיטן צויבער-שטעקן פון זיין וואונדערלעכער קונסט צום קוואַל פונם אידישן פאלקלאר, און עס האָט אַ שפריץ געטאָן מיט רייכ-קייט פון אַזעלכע שיינקייטן, אַז דער אוילאם איז מאַמעש פאַרגאפט געוואָרן. דער טעאַטער האָט דעם פאלקלאר ניט גענומען ווי ער שטייט און גייט, נאָר ער האָט אים געשליפן און געפיילט, ער האָט אים ס ט י-ל י ז י ר ט דורך די מעטאָדן און מיטלען פון זיין רעוואָלוציאָנערער

קונסט, ער האָט אים באַפרייט פון זיין אידישלעך-באַלעבאַטישן בייגעשמאַק און האָט אים געגעבן אַ מאָדערנע, „ווידערשפעניקע“ ווענדונג. האָט דאָס טאַקע דער אַרבעטער באַלד אויפגענומען מיט דער גרעסטער היספּאַילעס, און דער באַלעבאַטישער עולם האָט לעכאַטכילע געפּרוווט אַרויסווייזן אַ ווידערשטאַנד, אָבער סאָפּקאָלסאָף איז ער אויך באַזיגט געוואָרן.

אָבער דער באַלעבאַטישער עולם איז באזיגט געוואָרן ניט בלויז אָדער, ריכטיקער, ניט אַזוי דורך דער „ריינער“ קונסט פונם טעאַטער. דערדאָזיקער עולם האַלט זיך באַם קלאַל: „רוף מיך נאַר און גיב מיר לעקאַך“. טאַקע, הייסט עס, סטיליזאַציע, טאַקע „כילעל האַשעם“, אָבער פאָרט אַ אידיש זעמערל און ריקעדל... און ווען דערנאָך איז געקומען דאָס „גרויסע געווינס“ מיט אַ שלאַל נייע זעמערלעך און ריקעדלעך, און ווען אין „קאַרנאַוואַל“ זיינען ווידער געקומען זעמערלעך און ריקעדלעך, האָט זיך באַם „גרויסן“ פּובליקום געשאַפן די אילוזיע, אַז „וואָס מיר זיינען—זיינען מיר, אָבער אידן זיינען מיר“, און אַז אַפילע אין קאַמער-טעאַטער, אין דערדאָזיקער קינסטלערישער פעסטונג פון דער רעוואָלוציע, איז „דעם זיידנס מיטוואָך דויערט נאָך און דויערט“...

אַף איין מאָמענט האָט ווידער א שווינדל געטאָן דער אָנגעשטרענגטער אַמאָל אין די באַציאונגען פונם „גרויסן פּובליקום“ צום טעאַטער—דאָס איז געווען באַם וואונדערשיינעם „געט“, זיינען אָבער גלייך געקומען די „דריי פינטעלעך“, האָבן אַלעס פאַריכט, און די „מאַלפן-לאַפעס“ פון בירגערלעכער „עולאם-גוילאם“-ליבע האָבן ווידער אָנגעהויבן דראָען דעם טעאַטער...

קיינער קאָן מיך ניט כושעד זיין, אַז איך בין קעגן דער גרויסער אַרבעט פונם טעאַטער אין געביט פון רעסטאַווירן און עמאַנציפּירן פונם אידישלעכן אַלטווארג די שיינקייטן פונם אידישן פאָלקלאָר, אָבער די אַרבעט איז, אַזוי צו זאָגן, אַ העכסט דיאַלעקטישע און זי פאָדערט די גרעסטע פאָרזיכט. און דאָ שטעלט זיך פאַרן טעאַטער אין איר גאַנצער שאַרפקייט די פראַגע פון רעפּערטואַר.

ביז איצט האָט דער טעאַטער קיין לעכאַטכילעדיקן רעפּערטואַר ניט געהאַט, נאָר דער רעפּערטואַר פלעגט באַ אים געשאַפן ווערן שוין לויט די גרייטע פאָרשטעלונגען. איצט אָבער, ווען ער קומט אין באַריר מיט אַלץ גרעסערע און אַלץ פארשיידנאַרטיקערע שיכטן פונם ברייטן עולם און גראַד אפן געפּערלעכן באָדן פון „אי־דישקייט", מוז ער שאַפן שטרענגע אידעאָלאָגישע מעכיצעס צווישן זיך אַלס רעוואָלוציאָנערן טעאַטער און די פרעמדע קלאַסן־עלעמענטן. און דאָס איז שוין שווער דורכצופירן מיט מיטלען פון ריינער פאָרם, וועל־כע זיינען ניט שטענדיק צוגענגלעך פאַרן ברייטן עולם. דאָ מוז שוין קומען צו הילף דאָס בוילעטע וואָרט, דער קלאָרער טעקסט, דער אויס־געשפּראָכענער רעפּערטואַר.

און דידאַקטיק פראָבלעם ווערט פאַרן טעאַטער שאַרף אוועקגע־שטעלט דאַפקע אין צוזאַמענהאַנג מיט די „דריי פינטעלעך" און נאָך זיי. ווייל האַגאַם די „דריי פינטעלעך" רעכענען זיך אָפיציעל פאר אַן „אויסער־פּלאַן"־ספּעקטאַקל, איז ער דאָך, צום באַדויערן, פאַרוואַנדלט געוואָרן אין דעם צענטראַלן פּלאַן־ספּעקטאַקל פונם יובילייִ־סעזאָן...

1

# פליאסקא-דריגא

„דריי פינטעלעך איד״—דאָס איז א ספעקטאקל פון „קליינקונסט״, און יעדער „פינטעלע״ האָט זיך זיין באזונדערן כאראקטער, פארנעם און סטיל.

דריי „פינטעלעך״—דריי קולטור-צושטאנדן, דריי עסטעטיקעס, דריי אידעאָלאגיעס,—דריי טעאטערן.

דאָס ערשטע „פינטעלע״ („פרינץ פליאסקאָ-דריגא״)—דאָס איז דער „באַרדיטשעווער (װארשעווער, אָדעסער, קיעווער) טעאטער״,—דער אלטער אידישער טעאטער, װעלכער האָט אף א װאונדערלעכן אופן זיך דערשלעפּט אין זיין גאנצער אומבארירלעכקייט ביז דער עפּאָכע פון אָקטיאבער. באשאפן דורך דעם גרויסן פורימשפּילער, אווראם גאָלד-פאדן, האָט דערדאָזיקער טעאטער פון זיין שעפער גייארשנט בלויז דעם שונד, װעלכער איז גאָלדפאדענען געווען אויפגעצוואונגען דורך די באַדינגונגען פון זיין סוויווע און עפּאָכע, אָבער קיין איין טראָפּן ניט פון זיין ברויזנדיקן טאלענט און שפּילעוודיקער פאָלקסטימלעכקייט. ער איז געווען און איז פארבליבן דער טעאטער פונם אידישן קליינבירגערטום און באלעבאטישן גראד, וואָס, ניט געקוקט אף אלע פארוואנדלונגען פון זייער סאָציאל-פּאָליטישן שיקזאל, האָבן זיי פארהיט דעם גייסטיקן שניט פון דער אלטפרענקישער אידישלעכקייט.

אפּאלאגיע פון „מיר-אידן״-שטייגער מיט זיין לאָזונג: „א איד איז דאָך עפּעס א איד!״ דער טראדיציאנעלער אידישלעכער גוויר, װעלכער איז די פארקערפּערונג פון „אידן בניי ראכמאָנים״. די גרויסע „ניסים״, וואָס עס טוט מיט זיינע אויסדערוויילטע דער „אויבערשטער״, װעלכער

הייסט שוין דאָ ניט „קאַוויאַכל" נאָר אפֿן „הויכן" סטיל פֿון טעאַטער-דייטשמעריש „ליבער הער גאָט", וואָס „ער איז גערעכט און זיין מישפּעט איז גערעכט". די „הויכע" מאָראַל פֿון „מיט קיין געלט דאַרף מען ניט שטאָלצירן, מע קען דאָס לייכט פֿאַרלירן". די „טיפֿע" ליריק פֿון „די גאַנצע וועלט איז אַ פֿינסטערע גרוב, און אַלעס איז העוול האַוואָלים". די ליבע... פֿון ווייטן צו דער שטאָט יערושאָלאַאים און די ציאָניסטישע כאַלוימעס, וועלכע קאָנען פֿאַרווירקלעכט ווערן דורך די „כאַסאָדים" פֿון קייסאָרים און סולטאַנען, וואָס זייער „גוטסקייט און קלוגשאַפֿט זיינען באַוואוסט איבער דער גאַנצער וועלט". און דאָס אַלעס אַף אַ פּסיכישן פּאַן פֿון אומענדלעכער באַגרעניצטקייט און אומבאַזיגבאַרער באַנאַליטעט. אַ מין פֿאָרויס צוגעגרייטער באָדן פֿאַרן גענדאַנקען-און געפֿילן-גאַנג פֿונם קומענדיקן „בינטל בריוו" אינם אַמעריקאַנישן „פֿאָרווערטס".

און דידאָזיקע פֿאַרשלעפּטע וועלט האָט פֿאַר זיך געשאַפֿן אַ טעאַטער, וועלכער איז וואונדערלעך צוגעפּאַסט צו איר מעהוס.

קאַדרען שאָלעם-אַלייכעמשע „גאָלדשפֿינער", נאָר מיט אַ באַשטימטער געשולטקייט פֿון אַ באַזונדערן מין. נאַפֿטאָלי מיט די לאַנגע פּיס, באַ שאָלעם-אַלייכעמען, האָט פּראַקטיצירט איבער דער ראָלע פֿון מעמוכן אין „אַכאַשווייראָש-שפּיל", די „פּאָנפּעוואַטע ניאָני" האָט אָפּערירט איבער די ראָלע פֿון וואַשטי האַמאַלקע, — די פּראָפֿעסיאָנעלע „גאָלדשפֿינער" פֿונם אַלטן אידישן טעאַטער אַלס „מאָדערנע" אַקטיאָרן האָבן שוין געהאַט צו טאָן מיט פּערסאָנאַזשן פֿון שאָמער-סיוזשעטן. פּרינצן און באַסמאַלקעס, קאָנסולן פֿון דענענמאַרק און ניסים אין סטאַמבול. און אַפֿילע אין די קלוימערשט „ליטעראַרישע" פּיעסן פֿון יאַקאָוו גאָרדין האָבן מיר געהאַט צו טאָן מיט איבערגעניצעוועטע קעניג לירס אוכעדוימע. נאָר נאַפֿטאָלי מיט די לאַנגע פּיס האָט „געשפּילט" לויט אייגענער אימפּראָוויזאַציע, האָט זיך „געקליידעט" לויט דער אייגענער פֿאַנטאַזיע, און דעקאָראַציעס פֿלעגט פֿאַר אים בילדן דאָס בלאָטיקע פֿורים-שטעטל. די פּראָפֿעסיאָנעלע גאָלדשפֿינער האָבן שוין איבערגענומען די ערגסטע שאַבלאָנען פֿון פֿאַרעלטערטע טעאַטערן, האָבן זיך געקליי-

דעט „אַלפּי שאָמער״, באַ וועמען, לעמאָשל, די שפּאַנישע אידן אין די צייטן פון יעהודע האַלייווי טראָגן לאַנגע קאַפּטנס מיט געלע לאַטעס אַף די פּלייצעס, און די דעקאָראַציעס זיינען לויטן שניט פון אייניקע אילוסטראַציעס צו „האַגאָדע שעל פּייסאַך״ אָדער צו „מעגילאַס עסטער״. נאַפּטאָלי האָט געהאַט „סאַקאָנעס לאַנגע פּיס״, וואָס האָבן זיך באַ אים אָנגעהויבן „קימאַט פון האַלז״. אָט דידאָזיקע פּיס האָבן געיאַרשנט די נייע גאָלדשפּינער פונם אַלטן טעאַטער, און דאָס האָט באַשטימט זייער באַוועגונגס-„קונסט״ אַף דער בינע. די פּיס קומען זיי צונויף נאָר באַם „רייבן״ אַ טאַנץ. זיי האָבן אָבער אויך געיאַרשנט נאַפּטאָליס „אַקטיאָרן״-שטאָלץ...

דאָס אַלץ האָט געשאַפן די „שול״ פונם „באַרדיטשעווער״ (לויטן קאַמער-טעאַטער-„אָדעסער״) טעאַטער. „איידעלער״ פּרעמיערן-„גלאַנץ״; געליימטע באַוועגונגען; סטאַטיסטן, וואָס ווייסן ניט, וואו זיך אַהינטאָן פונם רעזשיסערס גזאַר; הויכער סטיל פונם וואָלינער דייטשמעריש מיט זיינע „טשיווילידירטע מענצן״; פּיעסן פון דער האַפּטוירע, דעקאָראַציעס פון דער האַגאָדע,—און די אויסשעפּנדיקע פּארקערפּערונג פונם אַרט פּילן און דענקען פונם „פּאָלק יסרועל״ (אפן וואָלינער דיאַלעקט)...

„פּליאסקע-דריגא״ איז א וואונדערלעכער שארזש אף דעמדאָזיקן טעאטער. געבנדיק דעם טעאטער אלס אזעלכן, האָט שוין צוזאמען דער-מיט גראנאָווסקי העכסט געלונגען אנטבלויזט אין כויזעק-שפּיל די פּסי-כאָאידעאָלאָגיע פון די שיכטן, פאר וועלכע דער טעאטער לעבט און פון וועלכע ער ציט זיין מאטעריעלע און גייסטיקע כאיונע. דאָס גוויריש-„שטאָלצע״ „פאָלק יסרועל״ מיט זיין „ליבן הער גאָט״; די „נאציאָנא-לע״ לעגענדע וועגן דעם „אייביקן יודע״ אין געשטאלט פון יאשע יודע דעם פעלדשער; די גרייטקייט צו מאכן א „לעכאאים אין דער שטאָט יערושאָלאים״; דער „אידישער קעניג איבער הייליקן לאנד״, וואָס דאָס „פאָלק״ באקומט פונם „עדעלן סולטאן״ פאר זיינע „בלוט און טרערן״; די אומפארמיידלעכע בניי-באָאיס בא א לייטיש-נאציאָנאלן גווירר: „נעבעך״ א יעסוימע און אן אָרימער קאָרעוו, אן איבערגעגעבענער, אָבער ניט איבערגעשפּיצטער „כאיוועקאיאָם״ מיט אן אומזיניקן, אָבער קלוימערשט

עכט אידישלעכן פיזמען „יאָקעם-בעמבע״—דאָס אלץ לעבט, שלענגלט זיך און דרינגט ארויס פון דער עצעם שפּיל אלס א ריין עסטעטישער אורטייל איבער דעם קלאל-יסראעל,—אן עסטעטישער אורטייל, וועלכער באקומט שוין פון זיך אליין אויך א פּאָליטישן אינהאלט און באדייטונג.

דאָס אלץ איז ארגאניש פארבונדן און דרינגט ארויס פון דער פאָרם, פון דער אויסשטאטונג, פון דער אויספירונג, פון דער מוזיק.

די טרעפלעכע באלאגאן-דעקאָראציעס, בעקיוון „צופעליקע״ און ביליק-פלאכע; די סטאטיסטן, ווי ליימענע גוילאָמס, מיט דעם קאסקעט פון א פייערלעשער אף איינעם פון זיי, וואָס בילדן אין צאָל פון פיר פערזאָן אי די גאנצע ארמיי פונם באַגדיכאן „איבערן קיטאיצעס-לאנד״, אי זיין גווארדיע, אי זיין באזונדערן אָפּטייל, אי די גווירישע געסט. דער מערקווירדיק-לוסטיקער האקאָפּעס=טאנץ פון די „הויף-דאמעס״ פון „ציפּע דער באגדיכאניכע״ מיט די „כינעזיש״-אידישע סייפערטוירעס אף די אָרימס; „די טערקישע באלעטע״, וואָס ווייזט זיך ארויס פאר א פּאָשעטן קראקאָוויאק, א. אז. וו.—דאָס אלץ ברויזט מיט פריידיקן הו-מאָר און ליכטיקן שפּאס.

און אין צענטר פון דער שפּיל לעבט און שטראָמט מיט טאלענט זוסקין, אן עכט קינסטלערישע אָפּערעטן-געשטאלט, א וואונדערלעכער פּליאסקא-דריגא, אן עמעס פּורימשפּילערישער אידיש-טעאטראלער „פּרינץ״, אין וועמעס אָדערן עס „פליסט דאָס בלוט פונם איידעלן מאגנאט רעב זאָרעך״... זיין מימיק, זיינע זשעסטן, באוועגונגען, טענץ זיינען, דוכט זיך, פּונקט דיזעלבע, וואָס אין אלטן אידישן טעאטער, אָבער עס שטראלט פון זיי דער קינסטלערישער, אויסגערעכנטער און אויסגעמאָסטענער שמייכל פונם אידישן קאמער-טעאטער, און זיי שאפן פרייד ארום זיך. ווידער האָט דער קאמער-טעאטער באוויזן א „קונץ״: פון א נישטיקן, צופעליקן ליטעראַרישן רעמעז געשאפן א קלאסישע סצענישע געשטאלט —א פארענדיקטן פעליעטאָן-סימבאָל.

און פול מיט באַזונדערן גראטעסק=כיין איז גערטנער אין דער ראָלע פון דעם טראַדיציאָנעלן „טאַם״ פונם אַלטן אידישן טעאַטער. אַ

קינסטלערישע פיגור, פול מיט לופטיקע באַוועגונגען און שטראַלנדיקן הומאָר.

אָבער אויך די איבעריקע אויספירער זיינען דאָ גאַנץ געלונגען: שטיימאַן דער גוטמוטיקער אידישלעכער „מאַגנאַט" רעב זאָרעך מיט שטענדיקער סאַנטימענטאליטעט און „מאָראַליש", שאַפּירא—זיין פרוי, אן עמעסע „גענענדל-זא גענאנטע עליזאַבעט", מינקאוו—„כאַשע" די יעסוימע. ניי—דער באָגדיכאַן, אבראהאם—ציפּע די באָגדיכאַניכע, קראַשינסקי—„מיינע מיניסטאָרן", וואָס באַטראַכטן די „זאַכע סעריאָזנע", א. אַז. וו.

„פליאַסקא-דריגא" איז דאָס איינציקע פון די „דריי פינטעלעך", וואָס בויטיקט זיך ניט אין טעקסטן, ווייל די פאָרם אַליין איז דאָ אַ רייידעוודיקע און נוצט מאקסימאל אויס די קנאַפּע טעקסטן, וואָס זיינען איר געגעבן געוואָרן. דערפאַר איז, ניט געקוקט אַפן ניסאָיען פונם זשאנר, ווערט דאָ אָפּגעהיט אַ געוויסער מעהאַלעך צווישן דעם טעאַטער און דעם „גרויסן" אוילאָם. אָבער נאָר אַ געוויסער און דערביי ניט גאָר אַ גענוגנדער מעהאלעך. ווייל דער טעאַטער האָט דאָ גענומען דעם טאָן פון גוטמוטיקן, זאָרגלאזן הומאר און ניט פון שאַרפער, באַזארגטער סאַטירע, און דער געביט איז גראד אזעלכער, וואָס פאדערט שארפקייט און באַזארגטקייט. ווערט טאַקע דער גאַנצער אוילאם, אפילע פיינט, מיטגעריסן דורכן הילכיקן, גוטמוטיקן הומאר, וואס שטראמט פון דער בינע, — עס באקומט זיך בא אים א אילוזיע, אז „מיר אלע" לאכן גוט-ברודעריש אפ פון „אונז אלעמען"...

.II

## „סאָראַ וויל א נעגר"

פונם אָפּגעשטאַנענעם רוסלאַנד זיינען די שיכטן, וואָס האָבן געשפייזט דעם „אָדעסער טעאַטער", געקומען אין דער גרויס קאַפּיטאַליסטישער אַמעריקע. דאָרט זיינען זיי, לויטן אויסדריק פון כ׳ וואלאברינסקי (אין „וועקער"), געווארן פון „שניידער" „קלאַקמייקער", ד. ה. זיי האָבן זיך אָנגעהויבן איבערקאָכן אין קאַפּיטאַליסטישן קעסל.

אפּגעריסענע פון זייער שורעש, פון זייער אלטער סוויווע, אין וועלכער זיי האבן געהאַט, עמעס, אן אָפּגעשטאַנענע, אָבער דאָך א ק ו ל ט ו ר, זיינען זיי אין אַמעריקע ארייגעפאַלן אין באדינגונגען פון „אויסער קולטור",—זיי זיינען געווארן א ק ו ל ט ו ר ע ל. זייער באנאליטעט, וואָס אין דער אלטער היים, אנגעטאן אין היסטאָריש-אידישע פאָרמען און טראַדיציעס, האָט זי ניט אַזוי געשטאָכן די אויגן, איז דא, אן אנטבלויזטע, ארויסגעטראָטן בוילעט און אומדערטרעגלעך. פילבארקייט איז בא זיי פאַרבליבן און האָט זיך אַפילע אומגעהויער בא זיי אנטוויקלט נאר צו די הויפּטשטריכן פון דער אַמעריקאַנישער בירגערלעכער סוויווע—צו דאלארן-קלאנג און צו באַקוועמלעכקייט פון אויסערלעכער אויסשטאטונג סאי פון דער „מאטעריע" און סאַי פונם „גייסט", אף דעם פסיכישן פאן פון אומבאגרעניצטער זעלבסטצופרידנקייט פון מעגושעמדיקע טאַכלעס-לייט...

דאס איז פאר זיי און דורך זיי באַשאַפן געוואָרן דאָס „בינטל בריוו" אין „פאָרווערטס" מיטן האפענונגסלאזן שונד פון זיינע אויסטערליש באנאלע „שאלעס-טשואוועס", צי מעג א ברודער קושן א כאַסענע געהאַטע שוועסטער; וואָס זאָל א מאַן טאָן מיט א ווייב ניט קיין

בעריע, צו מעג א „באַי״ קנייפּן א פרעמדע קאַלע און מיט וואס פאַר א סאָרט קנייפּן א. ד. גל. דאס איז צוליב זיי פירט דער הויפּט-מיטאַר־בעטער פון „פאַרווערטס״ בּאַראַנאַוו „מערקווירדיקע״ דיסקוסיעס איבּער די פראַגן, וואָס איז בעסער געבוירן צו ווערן: 1) א איד אדער א „גוי״, 2) א מאַן אָדער א פרוי 3) אַן אַרבּעטער אדער א קאַפּיטאַליסט א. ד. גל

און אלס א זייכער פון דער אלטער היים, פון דער נאַאיווער „יוראָפּ״, שוועבט איבער דאָס אלעס א סאַנטימענטאַל-קרעמערשער נאַציאָנאַליסטישער „אידעאַליזם״, א איסטבּראַדוויאישער „שטאלץ״ מיטן אידישלעכן „אתה בחרתנו״, וואָס דאָס דריקט זיך אויס, לעמאָשל, אין לייטאַרטיקלען אין דעמזעלבּן סאָציאליסטישן, בּימכילע, „פאָרווערטס״ וועגן פּייסאַך—דעם „יאַנטעוו פון פרייהייט״ („זמן חירותנו״) און וועגן „שוואועס״—„זמן מתן תורתנו״, דעם יאַנטעוו פון „הויכער אידישער מאראל״...

פארשטייט זיך, אז אויך דער אוילאָם האָט זיך געמוזט שאַפן זיין טעאַטער, „דאָס אמעריקאַנישע אידישע טעאַטער״.

דער טעמפּ איז דא א פיל שנעלערער, אף אזוי פיל שנעלער, אף וויפל דער טעמפּ פונם דאלאר אין ניויאָרקער איסטבראדוויי איז שנעלער, איידער דער טעמפּ פונם „שמאַרדאַוואַגעץ״ אין קאסרילעווקע. די אויסשטאטונג איז דא אן אָרגאַניזירטע און רייכע,—די ניכטערע אָרגאַניזירטקייט און געשמאקלאָזע רייכקייט פונם אויסגעגרינטן „כאַזערשן ווידל״, וואס איז שוין באצירט מיט א דאלארן-„שטריימל״. דער אויסדערווײילטער זשאנר—איז די ביליקע העפקער-אָפּערעטע מיטן קייקוואק „אין נאָמען פון פאָלק יסראעל״, מיט אומגעלומפּערטן סיוזשעט און אומזיניקע, „פעטע״ טעקסטן און אמעריקאַניזירטע לואך—וויצן פון אויסגעגרינטע פּייטלס און טרייטלס. און דער איקער—דער באַליבּטסטער עכט אידיש־אַמעריקאַנישער טעאַטער—„טריוק״: פּרויען אין מאַנסבּילשע הויזן...

און דידאַזיקע אלע מאָמענטן פון דער אמעריקאַניש־אידישלעכער „עסטעטיק״, די גאַנצע פּסיכאָאידעאלאגיע פונם אידיש־אמעריקאַנישן קליינבירגערטום האָט אויפגעכאַפּט און געגעבן אין א שאַרפער פאַר־

שטעלונג דער אידישער קאַמער-טעאַטער אין דעם צווייטן „פינטעלע״ („סארא וויל א נעגר״). ער האָט זיי אָבער געגעבן, ווי זיי שטייען און גייען, נאר אין א פארפולקומטער פארם. ווייל אַזוי באוועגן זיך, אזוי טאנצן קאסקאדן-טענץ, אזוי זיך לוסטיק מאכן, ווי אין אידישן קאמער-טעאַטער, באוועגט מען זיך, טאַנצט מען און מע איז זיך מעסאמייאך זעלטן אין א וועלכן טעאַטער. די באאבאכטע פארמען זיינען דאָ העכסט אפגעשליפן און אויסגעפיילט. אבער דער אידישער קאַמער-טעאַטער איז דאך ניט קיין אקאדעמישער צענטר פאר דער אידישער אפערעטע אין אמע-ריקע, און ניט ער איז בארופן צו ארבעטן איבער איר האשלאמע: „סארא וויל א נעגר״ איז קימאַט קיין פאראדיע ניט—ס'איז קימאט דער „ארי-גינאל״ גופע.

קעדיי צו ראטעווען דאָס „פינטעלע״ פון איבערגעטריבענער טריי-הייט דעם „אָריגינאל״, האָט דער טעאטער ארייגגעשפריצט אין דעם א פאר שארפע טראפנס פון פאָליטישער סאטירע. אוןווירקלעך זיינען אין דעם „פינטעלע״ פאראן צוויי שארפע מאָמענטן פון בייזער פאָליטי-שער סאטירע: ווען דער נעגר (זוסקין) און מיס סארא (ראם) זינגען „עוד לא אבדה״ און טאנצן זייער רייזע-טאנץ „נאך פאלעסטינאַ״, און ווען דער נעגר „אַנטפלעקט״ די „ווארהייט״ פון זיין אָפשטאַמונג,— לאָזט זיך גאָר אויס, אַז ער איז אַ „וואַרער יודע״—רעב לייווי יצכאָק בערדיטשעווערס אַן אייניקל, אַ קוזען פון טעאָדאר הערצל און זיין פאַמיליע איז מאנטעפיאָרע! אַזאַ מין פאַרייניקונג פון טוירע-יכוס, „נאַ-ציאָנאַל״-ציאָניסטישן יכוס און בארָאָנען-יכוס איז טאַקע אַ זעלטנהייט און דער געטרוימטער אידעאל פון אויפגעקומענע דאָלאַרן-פאַרשוינען. אָבער די אָפגעזונדערטע מאָמענטן פון פאָליטישער סאַטירע האָבן ניט קיין אָרגאַנישע שאַיכעס צו דער גאנצער פאָרשטעלונג און זיינען פונקט אַזוי מעכאַניש צוגעשטופּעוועט אַהער, ווי די ליד „דאָס פינטעלע איד״ צו די קאסקאדן-טענץ. מענטשן טאַנצן אָפּ געשמאַק קאסקאדן-טענץ, ווי „גאָט האָט געבאָטן״—אין „מיצקע דרינען״ איז גאָר: „אָבער עס רעדט אין אונז דאָס פינטעלע יודע!״ וואָס? ווער? וועמען?

פאַר פאָליטישער סאַטירע מוז מען האָבן טעקסטן,—און דאָ זינגט

מען פוילע קופּלעטן אַף דער בילי‏קער און פֿאַרשימלטער טעמע „אַז גאָט וויל, קאָן דער רעבע אויך", אָדער די באַנאַלע און „פּעטע" קופּלעטן „דער פּעטער זוכט אַ מומע",—טאַקע אַזוי און וואָס מע זינגט אין די אידיש-אַמעריקאַנישע אָפּערעטן, אָן אַ ברעקל פּאַראָדיע. צו קיין פּאָליטישער סאַטירע איז דאָ ניט דערגאַנגען, קיין טעאַטראַלע פּאַראָדיע איז דאָ ניט ארויסגעקומען. האָט זיך שוין דעם טעאַטער געוואָלט שטעלן אן אָפּערעטע, האָט ער דערצו געדאַרפט האָבן ניט אַ פּאָליטישן העכשער, נאָר אַ פּאָליטישן אָדער לעכאלהאפּאָכעס אַ טעאַטראַל-קינסטלערישן אינהאַלט.

ביפּראַט נאָך, אַז אין דער אויספירונג פון די אַרטיסטן פעלט דאָ אויך דער עלעמענט פון פּאַראָדיע. אויסער זוסקינען, באַ וועלכן עס פילט זיך די גאַנצע צייט אַ באַהאַלטענער כויזעק איבער דעם „פינטעלע איד" פונם פאַרשטעלטן נעגר, ראָם, וועלכע פירט קלוג און מיט איינ-געהאַלטענעם שפּאָט איר ראָלע פון מיס סאַרא, און מאָמענטנווייז שיד-לא, דער אידיש-אַמעריקאַנישער „פּאטער-רעזאנער", שפּילן אַלע איבע-ריקע זייערע ראָלן „ערנסט", טאַקע אַזוי, ווי מע שפּילט זיי אין דעם פּאַראָדירטן טעאַטער. באַזונדערס צייכנט זיך אויס אין דער הינזיכט מינקאָוו, וועלכע שפּילט טאַקע „בידכילע אורכימע" קלארע יונג... זי טוט עס גאַנץ אנגעשטרענגט, מיט נאַאיווער ערנסט. אָבער אָף שפּילן קלארא יונג דאַרף מען זיין קלארא יונג מיט איר נאַטירלעכער שפּי-לעוודיקייט, לייכטקייט און אָרגאַנישקייט אין איר זשאַנר...

אַז גערטנער (פּאַיקלסאָן) איז לייכט און לופטיק אין זיינע באַ-וועגונגען, ווייזן מיר שוין פון פריער און דאָ באַשטעטיקט ער דאָס אַף אַ נאָך מער גלענצנדן אויפן,—אָבער ער פירט זיין ראָלע ניט לויט דעם, נאָר ווי אין דעם פּאַראדירטן טעאטער...

אין רעזולטאַט נעמט טאַקע דאָס צווייטע „פינטעלע" אויס באַם „גרויסן" עולאם, וועלכער האָט זיך מאמעש דערפרייט: אין אַן אומגע-ריכטן אָרט געפונען אַן „עמעסן" אידישן טעאַטער, מיט אַן „עכטער" קלארא יונג, מיט שמאַלציקע לויט זיין גייסט קופּלעטן און—דער איקער: אָן גייסטיקער פּייניקונג, ווי באַ „לייטן"...

די מוזיק פון „פליאַסקא-דריגא" און פון „סארא וויל א נעגר" באווייזט, אַז נאָכן „גרויסן געווינס" האָט שוין דער קאָמפּאָזיטאָר מ. ל. פּולווער געכאַפּט דעם שניט און געפונען דעם מאָדערנעם צוגאַנג צו מוזיקאַלע מאָטיוון אַף אידישלעכקייט-טעמעס. אין דער מוזיק פוןביידע ערשטע „פינטעלעך" שלענגלט זיך די גאנצע צייט אַזאַ קלוגער און, מע קאָן זאָגן, דורכגעטריבענער שמייכל, אַז דידאָזיקע מוזיק, די אָר-קעסטרירונג פון אַזעלכע באנאלע און אָפּגענוצטע אידישע מאָטיוון, איז אין „פליאסקא-דריגא" אן אָרגאנישע דערגאַנצונג פון דער ריין טעאט-ראַלער פּאראדיע, און אין „סארא" איז זי קימאט דער איינציקער עלע-מענט פון פּאראָדיע...

## III.

# „נאַכט באַם רעבן״

דאָס דריטע „פינטעלע״ האָט געזאָלט זיין א פּאַראָדיע אף ד׳עם
„פינטעלע יודע״, פאַר וועלכן עס בוקן זיך און וועלכעס עס אַנערקע-
נען און פאַרגעטערן די ערשטע צוויי „פינטעלעך יודע״: אַפן העבדע-
איש-ציאָניסטישן, גווירישן-„אידעאַליסטישן״, כסידיש-קוועטשערישן „פינ-
טעלע״ פון „האבימא״... איז אָבער אויך דאָ ארויסגעקומען א פאר-
דרייעניש.

די „נאַכט באַם רעבן״ איז א גלענצנדער סצענישער עטיוד
קינסטלעריש געלייטערטער כסידישער פאָלקלאָר, איינע פון די בוי-
לעטע צייכענונגען פונם אידישן קאַמער-טעאַטער, וועלכע וועלן אים
מיסטאָמע נייטיק זיין פאר איינע פון זיינע גרעסערע ארבעטן. האָט
דאָס אָבער דער טעאַטער אונטערגעטראָגן אונטערן אידעאַלאָגישן צייכן
פון „פינטעלע איד״, איז שוין פאַר אים געשאַפן א שווערע לאַגע: ווי-
באַלד ער האָט די „נאַכט באַם רעבן״ געגעבן מיט א פּאָליטיש-
סאַטירישער כאַראַקטעריסטיק, האָט ער זיך שוין מיסכאַיעוו געוועזן דאָס
אויך עסטעטיש קאָמפּראָמעטירן, פארן צושויער-אוילאם; וואלט
ער דאָס אבער עסטעטיש קאמפּראמעטירט, וואָלט ער פאַר זיך אליין פאַר-
שטאָפּט איינעם פון די קוואַלן, פון וועלכן עס וועט נאָך אָפּט אויסקו-
מען צו שעפּן געלייטערטע פאָרם פון אידישן פאָלקלאָר. ווייל כסידיש
פארמאָגט אין זיך פיל שאַצבאַרע עלעמענטן פון דער אידיש-פאָלקסטימ-
לעכער מאַסן-עסטעטיק, וואס מע דאַרף זיי בלויז באַפרייען פון זייער
מיסטישן הייטל, און ניט אומזיסט, לעמאָשל, האָבן פערעץ (אין זיינע

גוטע יאָרן) און ניסטאַר אָפּגעגעבן אזוי פיל שעפערישע מי זיי צו אנטפּלעקן און עמאַנציפּירן.

האָט זיך געשאַפן אינם דריטן „פּינטעלע" א שווערער פּלאָנטער: גיט דער טעאַטער געלייטערטע פאָרם, — שלעפּט ער דערמיט אפן עסטעטישן בוקסיר די פּאָליטיש-קולטורעלע רעאַקציע פונם „פּינטעלע איד"; שפּריצט ער אריין טראָפּן פון פּאָליטישער סאַטירע — שטעלט ער אין געפאַר זיין ריין עסטעטישן געביי...

איז אבער די מאיסע, וואָס דער עלעמענט פון סאַטירע איז אין דעם „פּינטעלע" גאַנץ שוואך, און טאַקע אויך צוליב דעם פעלן פון געהעריקע טעקסטן. אזא גרויסער געביידע, ווי פּאָליטיש-קולטורעלע סאַ-טירע אף כאַסידיזם, קומט אויס זיך צו האַלטן אף הינערשע פּיסלעך פון א פּאָר פאַרעלטערטע אנעקדאָטן, וואָס מאכן שוין פון לאנג ניט קיין סענסאַציע אפילע אין דער סוויווע פון כאַסידים גופע (אויב ניט רעכענען דעם ערשטן „עפּיזאָד" פון „וויפל מע דאַרף האָבן אָרימע לייט, אז איין נאָגיד זאָל האבן גאַניידן!").

איז שוין אויסגעקומען זייער אסאַך צו ארבעטן דעם רעזשיסער גראַנאָווסקי, ארויסצואווייזן זיין ניט אויסשעפּבאַרע ערפינדערישקייט אין דער אראנזשירונג פונם אנסאַמבל, אין די פארשיידענע גרופּירונגען און סיטואציעס; און אויך מיכאָעלסן, וועלכער האָט געמוזט מיט זיינע באוועגונגען, זשעסטן און מימיק אויסשפּילן טעקסטן... עס איז דערגאַנגען אזוי ווייט, אז מיכאָעלס האָט אין זוכעניש נאָך עלעמענטן פון סאַטירע, וואס פעלן לאכלוטן אין די טעקסטן, זיך געלאָזט אף א צו-פעליקן איינפאַל: אין דער מאיסע מיטן רוזשינער האָט ער זיך גענו-מען קאָפּירן אָנוּיכין, ווי ער לייענט זיינע „רעב אַבעס", וואָס איז שוין ניט קיין פּאָליטישע און ניט קיין קולטורעל-עסטעטישע דערשיינונג, נאָר בלויז א לאַנגווייליקער איינצל-פאַקט...

. עס פעלן טעקסטועלע און דעריבער סצענישע דערלייזונגען אין דער מאיסע מיטן רוזשינער און אין פינאַל מיטן רעבנס טויט. אגעוו, דער פינאַל ווערט געראַטעוועט אויסער דורך דעם שאַרף סאַטירישן

טאנץ אויך דורך דער העכטס געלונגענער אױלעקינען-מוזיק פון דעם כסידישן טרויער-ניגן ...

און אויצער שיינקייט, פארמעל אָנגעווענדעטע אף א גישטיקן סיוזשעט, א גראנדיעזער אפאראט אַף קנאַקן ניס, — שפּילט דערפון אויס ביט אזוי דער אפאראַט, ווי די ניס. מאיסטערהאַפט געגעבענער עקסטאַז, קינסטלעריש ארויסגעבראַכטע דווייקעס. א מין אנשוילעכע לעקציע פאר דער „האַבימא", וועלכע שטרייכט זיך מיט איר „ספעץ"-דווייקעס און פארשטייט ניט, ווי זי ריכטיק ארויסצוברענגען. אָבער דער אידישער קאמער-טעאַטער איז ניט קיין אקאדעמישער צענטר אויך פאר דער „האַבימאַ".

און דאָס „גרויסע" פובליקום פילט זיך אויפגעריכט און ווי אמניסטירט ...

---

מיר האָבן אזוי פיל אָרט געווידמעט דער „אויסער-פלאן ספּעק-טאַקל" פון די „דריי פינטעלעך", ווייל, ערשטנס, איז ער געוואָרן דער צענטראַלער ספעקטאַקל פון יובליי-סעזאָן; צווייטנס, האָט ער צופיל „רעאַביליטירט" דעם טעאטער באַם פיינטלעכן אוילאָם, און, דריטנס, האָט דאָ דער טעאַטער ווירקלעך געהאַנדלט אָן אַ פלאַן: אזא שלאל שיינקייט, א רעוואָלוציאנערע שפילעוודיקייט איז אַזוי אָן סיידער פאר-טיילט און ניט פלאַנמעסיק פארייניקט. דאס ווייזט א גרויסן איבערפלוס פון קויכעס, וועלכער מאָנט שוין א העכערע, שטופע פון ארבעט ניט בלויז אין קינסטלערישן, נאר אויך און דער איקער אין אידעאלאָגישן זין ..

I

# ערשטע באַגעגעניש

1

## אַ טעאַטער
## צו גאַסט באַם פּראָלעטאַריאַט

דער מלוכישער אידישער קאַמער-טעאַטער האָט געמאַכט זיין ערשטן ארויספאָר אין דער אידישער פּראָווינץ, און די ערשטע שטאָט, וואוהין ער איז געקומען, איז מינסק, די אידיש-פּראָלעטאַרישע הויפּט-שטאָט פון ווייסרוסלאַנד.

גאַסטראָלן פון א טעאַטער זיינען אן אלטעגלעכער שטייגער-פאַקט. אָפּגעאַרבעט דעם סעזאָן אין זיין רעזידענץ, הויבט זיך א טעאַ-טער אויף זומער-צייט פון זיין אָרט און פאָרט ארויס ווייזן דער פּראָ-ווינץ, וואָס ער קען. אָבער ווי, מיט וואָס און צו וועמען פאָרט געוויינלעך ארויס א טעאַטער אין דער פּראָווינץ?

אין זיין רעזידענץ און בעשאַס דעם סעזאָן אַרבעט דער טעאַטער ערנסט און אָנגעשטרענגט, — פאַרשטייט זיך, ערנסט און אָנגעשטרענגט אַפּן שטייגער און לויטן שניט פון דעם געגעבענעם טעאַטער. דאָס טעאַטער-פּובליקום פון דער הויפּט-שטאָט האַלט זיך פאַר א מייוון אין הילכעס קונסט, און טיילוווייז איז דאָס טאַקע בעעמעס א שטיקל מייוון. ס׳זיינען פאַראַן „שטרענגע״ רעצענזענטן-פאַכקענער אָדער וואָס האַלטן

זיך פאַר אַזעלכע. מע מוז געבן דאָס בעסטע, אַף וואָס מע איז פעאיק, באַוויזן טאָג־טעגלעך דעם גאַנצן קונסט־אַפּאַראַט, וועלכן מע פאַרמאָגט. ווערט מען צום סאָף סעזאָן פאַרמאַטערט, מוז מען זומער־צייט זיך אַביסל אָפּרוען און דערביי אביסל פאַריכטן די געשעפטן: די הויפּט־שטאָט עסט דאָך אויף אזוי פיל מאַטריעלע מיטלען!

פאָרט מען אַף גאַסטראָלן אין דער פּראָווינץ. איז דאָך די פּראָ־ווינץ ניט אזא מאַקפּיד, קונסט־מעפונאָקים זייַנען דאָרט ווייניק, מע איז דאָרט לעכאַטכילע גרייט אריינצופאַלן אין היספּאַילעס פון א טעאַטער, וואָס אַף אים רוט די שכינע פון דער הויפּטשטאָט, לאָזט זיך אַהין דער טעאַטער לייכט געזאָטלט. ניט די גאַנצע טרופּע, נאָר א טייל פון איר, און דערביי ניט שטענדיק מיט די עמעסע גדוילים אירע, נאָר זייערע דובלערן, די שטעל־פאַרטרעטער; די בעסטע דעקאָראַציעס לאָזט מען איבער אינדערהיים—מע וועט שוין ווי ס'ניט איז צופּאַסן זיך אַפּן אָרט; דער רעפּערטואַר—פון די לייכטסטע שטיק פון טעזאָן. די אויסשטאַטונג, דעם אָרקעסטער לאָזט מען איבער אין דער מעטראָפּאָליע,—מע וועט זיך באַגיין מיט אָרטיקע מאַכשירים און „קלעזמערו״־ שפּילן? פאַרשטייט זיך, מע פּלייסט זיך, אָבער אָן אָנשטרענגונג: נישקאָשע, די „ליבע פּראָווינץ״ וועט סאַי־ווי־סאַי פאַרדייען!

און צו וועמען קומט מען? צו די בורזשואַזע פּניי, צו די אָרטיקע לייטישע מעפונאָקים. עמעס, איינם ראַטן־פאַרבאַנד האָט זיך שוין אויסגע־אַרבעט א געוויסער ריטואַל: מע מוז האָבן א מאַגעאומאַסע מיט די פּראָפּאַריינען, מיט די פאַבקאָמען, מיט ראַטן - אינסטאַנצן. איז מיילע, דערויף איז מען דאָך אין גאָלעס! אָבער דער ארבעטער דאַרף דאָך וויסן זיין אָרט! קונסט איז ניט פּאָליטישע מאַכט, זי האָט איר נאָך, גוטע ברידער, ניט פאַרכאַפּט אין אייערע הענט, אַף קונסט איז פאַראַן אנדערע קלאַסן־מעווינים, און ניט צו אייך זיינען „מיר״ געקומען, ביפראַט, אז רייך מאַכן די קאַסע זייט איר ניט מעסוגל...

אזא איז שוין פון קאַדמוינים דער נוסעך און כאראקטער פון טע־אַטער־גאַסטראָלן אין דער פּראָווינץ.




„דאָס גרויסע געווינס"

(2-טער אקט).

גאָר אנדערש איז דאָס מיט די „גאַסטראָלן" פונם מלוכישן אידישן קאַמער-טעאַטער, — ס'איז אייגנטלעך ניט קיין גאַסטראָלן, נאָר א צײַטווייליקעס אריבערפירן דעם גאנצן טעאטער, אויסער זיינע געביידעס, פון מאָסקווע קיין מינסק.

די גאנצע צייט, וואָס דער טעאטער האָט געארבעט אין מאָסקווע, איז געווען א מין צוגרייטונג צו דער קינפטיקער ארבעט זיינער אין דער אידישער פּראָווינץ. די גאנצע אָנגעשטרענגטקייט פון זיין ארבעט— און וואו ארבעט מען נאָך אזוי אָנגעשטרענגט, ווי אינם אידישן קאַמער-טעאטער?—איז געווען לעשעם דער פּראָווינץ. און ווען ס'איז באשטימט געוואָרן די נעסיע קיין מינסק, האָט דער טעאטער אָנגעהויבן זיך זאָרגן: ווי פירט מען אריבער דעם גאנצן מעכאַניזם קיין מינסק?

ווייל אָפּפאָרן אָדער, ריכטיקער, אריבערקלייבן זיך אַף א צייט האָט געזאָלט דער גאנצער אפּאַראַט: די גאנצע טרופּע צוזאמען מיט די סטודיאַנטן, וועלכע נעמען אָנטייל אין די ספּעקטאַקלען; אלע דעקאָראַציעס — און וואו האָט איר נאָך אזעלכע קאָמפּליצירטע דעקאָראַציעס, ווי אין אידישן קאַמער-טעאטער? — דעם באַלעט; די סוילעם פונם אָר-קעסטר; די עלעקטרישע איינריכטונג; די אייגענע מאנטיארן, די ארבע-טער פון סצענע, די שניידערינס א. אז. וו.

ווען די אָנפירער פון טעאַטער פלעגן אזוי ארומגיין פאַרזאָרגט — אַף אריבערפירן אזא אַפּאַראַט דאַרף מען דאָך האָבן גוואַלטיקע געלט-מיטלען,—האָבן אייניקע היגע „מעפונאָקים" זיך געוואונדערט:

— דאָס אלץ ווילט איר פירן קיין מינסק? מעשוגע!

„מעשוגע"—דאָס איז דאָך פון אָנהויב אָן די קוואַליפיקאַציע, וואָס „געשטעלטע" מענטשן גיבן דעם אידישן קאַמער-טעאטער.

אַף די טאַינעס פלעגט מען אין טעאטער לאַקאָניש ענטפערן:

— דער מינסקער ארבעטער דאַרף דאָס אלץ זעען, צוליב דעם זיינען מיר באַשאַפן געוואָרן.

און קיין מינסק זיינען אוועק 70 מענטשן — ארטיסטן, מוזיקאַנטן, טענצערינס, ארבעטער, מאָנטיאָרן א. אז. וו.; דעקאָראַטיווע שטעטלעך —

פון דער „קישעפמאַכערין״ און פונם „גרויסן געווינס״,—שאגאלישע וואַ־גאָנעס (פון „אגעגטן״), פּאַלאַצן און שולן (פון „אוריעל אַקאָסטאָ״) — א גאנצע באפעלקערונג מיט א גרויסן אייגנארטיקן פאנטאסטישן פאַר־מעגן. מע האָט פאַרנומען גאנצע פראַכט־פּלאַטפאָרמעס, וואַגאָנעס, — און מיט לידער האָט מען זיך געלאָזט אין וועג.

אַף יעדער סטאנציע, באזונדערס, ווען ס׳האָט זיך אָנגעהויבן דער אידישער ישעוו, פלעגט מען זיך צונויפקלייבן אַפן „בייז וואונדער״: א מאָדנע כאַליאַסטרע מיט געזאנג פון דער „קישעפמאַכערין״, „פונם „גרויסן געווינס״, געמישט מיט „אינטערנאציאָנאל״, מיט טענץ און פאַר־שיידענע אנדערע שטיק.

— וואָס איז דאָס פאר א כעוורע? פון וואַנען און וואוהין אזא אוילאָם?

— דאָס פאָרט דער אידישער טעאטער פון מאָסקווע קיין מינסק.

— א סימכע אביסל!

און די מענאַכעם־מענדלס אף די וואָקזאלן האָבן איבעראַשט גע־קנייטשט מיט די פּלייצעס...

מע איז געקומען קיין מינסק.

באם אויסלאדן די דעקאָראַציעס—די שטיבעלעך מיט די לייטערס, די שאגאלישע וואַגאָנעס און איבערגעקערטע ציגעלעך, די אַלטמאַנישע וואָקזאל - לאמטערנעס און אַמסטערדאַמישע טרעפּ, די מעשונעדיקע מאַלבושים, דערנאָך באַם אָנקומען פון דער „קאַפּעלע״ — איז געוואָרן אַ געלאף:

— מעשוגע!

— וואָס איז דאָס פאַר פאַרשוינען?

אזוי האָבן זיך געכידעשט לייטישע אידן, אידן פון נעמיגע (מינס־קער אילינקע) און פון דער געוועזענער קאָרשול.

און די ארבעטער האָבן מיט ליבע־אומגעדולד געוואַרט אַפן ערשטן קאַבאלאס־פּאָנים...

איך בין געקומען קיין מינסק מיט עטלעכע טעג שפּעטער נאָכן טעאטער, שוין נאָך דער ערשטער פאָרשטעלונג זיינער („די קישעפמאַ־

כערין״). האָב איך שוין געטראָפן די „קאַפּעלע״ אויסגעקניפּט און אויס-געבונדן מיט דער ארבעטערשאַפט, מיט די פּראָפאַריינען, מיט די ראַטן-טוער, מיט די קאָמוניסטן. אין „וועקער״ זיינען שוין געווען בריוו פון ארבעטלאָזע, וואָס פאָדערן, מע זאָל זיי באזאָרגן מיט דער מעגלעכקייט צו זען די פאָרשטעלונגען פון זייער טעאטער; בריוו פון ארבעטער, וואָס וואָרענען די סאָנים פון טעאַטער, זיי זאָלן זיך ניט זאָרגן דערפאַר, וואָס דער טעאטער איז קלוימערשט אומפארשטענדלעך פאַרן ארבעטער. ס׳זיינען שוין געווען געמעלדעט לעקציעס פונם כ. מיכאָעלס פאַר די לערער, פאַר ארבעטער-קרייזן. אומעטום, אין גאַס, אין שטוב, אין די קאַפעס, אין די רעסטאָראַנען — ארטיסטן, ארומגערינגלט מיט „אַמכאָ״.

איך בין געקומען קיין מינסק אין א יאָנטעוו-טאָג: דריי-יאָריקער „יובילעי״ פון דער באפרייאונג פון מינסק פון דער פוילישער אָקופּאַציע. איז אַף דער פייערלעכער זיצונג פונם מינסקער ראַט אין טעאַטער — דער גרעסטער טייל פון דער טרופּע, אייניקע אפילע לויט איינלאַדונגען; אַפן טרעק א קינדער-יאָנטעוו — איז אומעטום ארטיסטן און אַרטיסטינס פונם טעאטער אין גרופּעס פון ארבעטער, ראַטן-טוער און פּאַרטיי-כאַ-ווײרים. דאָ אַפן אָרט, זיינען גלייך געפּלאַנט געוואָרן פאָלקשפּילן, איינגעאָרדנטע דורכן טעאטער.

אַף די פאָרשטעלונגען קאָכט און זידט. עלעקטרישע שטראָמען צווישן דער בינע און דעם אוילאָם. די מערהייט „אַמכאָ״, וועלכע דיס-קוטירט, פּאָרשט, פרעגט—אָבער האָט האַנאָע, פרייט זיך, די מינדערהייט—ברויגעזע באַלעבאַטים און באַלעבאַטישע אינטעליגענץ. ברויגעזע צוליב צוויי טאַימים: ערשטנס, צו „העפקער״, אַף דער בינע א „פאַרקערטע וועלט״, מע שפּרינגט פון דעכער, פון לייטערס. מע מאכט כויזעק, מע פרייט זיך צו „פאַרשייט״ — כויזעק פון אלע „הייליקטימער״ און דער איקער — מע אינטערעסירט זיך ניט מיט זייער מעווינעס. צווייטנס, די גאנצע אויפמערקזאַמקייט איז געווענדעט נאָר צו די ארבעטער: נייע מאַכניסאָרכים פון קונסט! נייע מעיוכאָסים אפילע פאר קינסטלער — און וואו זיינען „מיר״, די דוירעסדיקע קונסט-פאָרשטייער?

מע גייט ארום קימאַט נאָר מיט קאָמוניסטן און אויך אויסשליסלעך מיט ראַטן-טוער. פאָרשטייער פון דער אָרטיקער מאכט האלטן אין איין ארומפירן—אין אַוטאָמאָבילן און אנדערע פאריקער=מאַכשירים—די פּאָרשטייער פונם טעאטער און זיי באווייזן די אנשטאלטן פון מינסק; מע מאכט פאר זיי עקסקורסיעס אויסער דער שטאָט — אין דער לאנדווירטשאַפטלעכער פערמע און א. איז געווען דער יובילײ פון די „טײלן פון באזונדערער באשטימונג" („טשאָן"), און די קאָמאָרגאניזאציע איז אוועק אויסער דער שטאָט אין די לאַגערן — האָט מען א גר יסן טייל פון דער טרופע געבראכט אַהין אַף אַוטאָמאָבילן, און די ארטיסטן און ארטיסטינס האָבן געטרונקען ביר מיט די רויטארמייער, האָבן באַוואכט די רויטע קאָמאנדירן, זיך באקאנט מיטן לעבנשטייגער פון דער רויטער ארמיי — און צוריק זיינען זיי געפאָרן צוזאמען מיט די פאראנטוואָרטלעכע פאַרטיי-טוער. אפילע אָפגערעדט וועגן געבן א קאָנצערט אין די לאגערן פאר די רויטאַרמייער.

פאר יעדער פאָרשטעלונג הערשט הינטער די קוליסן אן אויפרעגונג:

— פיל ארבעטער אין זאַל? יאָ? ס'זאָל כאָטש היינט גוט אַראָפּגיין די פאָרשטעלונג—מיר זאָלן אויסנעמען!

אזא אויפרעגונג הערשט אף פראָפאַריינישע פאָרשטעלונגען — אף „נעפּישע" האלט מען זיך רואיקער.

גייט דער באַלעבאַטישער מינסק ארום ברויגעז, פאַרצאָרנט.

— צו גאַסט באַ „אַמכאָ"! און מיר זיינען שוין גאָרניט אפילע אין קולטור און קונסט?!...

— ניין, דער איינציק אידישער טעאטער איז פאָרט די „האַבימאַ"! יענע, זאָגט מען, שפילט פאַרן עמעסן אידישן עולאָם. יענע וואָלט געקומען צו אונז צו גאַסט!

און דער מלוכישער אידישער קאַמער-טעאטער איז נאָר געקומען צו גאַסט צום פראָלעטאַריאַט!..

2

## א מערקווירדיקער עקספערימענט

איצט, ווען אין ראַטן-פאַרבאַנד ווערט דער טראָפּ געשטעלט אַף קולטור, ווען כ׳ לענין האט אַרויסגערוקט אַלס איינעם פון די צענטראַלע לאָזונגען—„קולטור-טרעגעריי״, ווען כ׳ טראָצקי שרייבט ארטיקלען אונ-טערן קעפּל: „ניט בלויז מיט פּאָליטיק לעבט אַ מענטש״,—איצט קאנען און דאַרפן אויך מיר, אידן-קאָמוניסטן, זיך ארומקוקן, ווי האלט עס מיט קולטור אין דער אידישער סוויווע.

איך קלייב זיך דאָ ניט, פאַרשטייט זיך, מאכן אַן איבערזיכט אי-בער אונזער קולטור-טעטיקייט און קולטור-אנשטאַלטן פאַר דער גאנצער צייט פון דער אָקטיאַבר-רעוואָלוציע, — דאָס איז ניט מיין איצטיקע טעמע. אָבער איין אלעמען באַוואוסטן פאַקט וויל איך דאָ דאך אונ-טערשטרייכן: אין קולטור-הינזיכט האט די אידישע אַרבעטערשאַפט פון דער אָקטיאַבר-רעוואָלוציע געוואונען אומגעהויער פיל, עפּשער מער, ווי די ארבעטערשאַפט פון אלע אַנדערע פעלקער פונם גרויסן ראטן-פאַרבאנד.

אריינגעקומען זיינען מיר אין דער אָקטיאַבר-עפּאָכע מאמעש מיט ליידיקע הענט, קימאט אָן יעדן סימען פון קולטור-און בילדונג-אנ-שטאלטן, און איצט האבן מיר אזאַ קולטור-נעץ און בילדונגס-אַפּאראַט, וואס ווען זיי קאָן אפילע ניט כאָלעמען די אידישע באפעלקערונג פון די סאמע „פרייסטע״ מעדינעס. אפילע פאלעסטינע, וואס אף איר האָבן אוועקגעלייגט זייער גאנצן ״דאָברימאַזל״ באַראָנען און באַנקירן, ציאניסטישע אָרגאניזאציעס מיט קאָלאָניאל-בענק און נאציאָנאל-פאָנדן,

13 קאָנגרעסן און תרפ״ט אלאָפים קאָנפערענצן, בא דער שטיצע פון ענגלישע מיניסטאָרן און פעלקערליגישע כאַסאָדים,—אפילע פאלעסטינע האט ניט און וועט ניט האָבן אזאַ פארצווייגטע נעץ קולטור־אנשטאלטן, וואס מיר האָבן איצט אין דער ראַטן-פעדעראַציע.

עמעס, אונזערע קולטור און בילדונג-אַנשטאלטן האָבן אַסאך פע-לערן, מיר פילן א שטאַרקן מאַנגל אין קולטור-טוער איבערהויפט און קאָמוניסטישע קולטור־טוער ביפראַט, מיר האַלטן אין איין קרעכצן און זאָרגן,—אָבער דאָס איז נאָר א באַווייז אף אונזער אויפגעבערענטן קול-טור־כיישעק, אף אונזערע אויפגעפלאַקערטע קולטור-אינסטינקטן. אין אַלגעמיין קאָנען מיר דאך זאָגן, אַז בא אלע כעסרוינעס און ניטגע-נוגקייט זיינען אונזערע קולטור-אנשטאַלטן געקניפט און געבונדן מיט דער אידישער אַרבעטערשאפט, אנטשפרעכן איר נויט און זיינען נאָענט צו איר גייסט.

ווילן מיר דאָ האבן א בוילעטסטע אילוסטראציע פון אָט דעם אומבאשטרייטבאַרן פאַקט, איז לאָמיר נעמען אן אַנשטאלט, וואס געהערט ניט צו דער ערשטער שטופע און ניט צו דער צווייטער, וואָס אין פלוג האָט ער ניט קיין שאיכעס צו פאָלקס־בילדונג און גייט ניט אריין אין געדער פון דער סקאַרבאָווער „פאָלקסטימלעכקייט״ און וואס וואָלט דעריבער, אלס אזעלכער, ניט געדארפט האבן קיין באַריר מיטן גייסט פון די ארבעטער-מאסן,—לאָמיר נעמען דעם מלוכישן אידישן קאמער-טעאטער.

די אָקטיאַבער-רעוואָלוציע האט אַרויסגערופן א גרויסע אויפרודע־רונג אין אלע געביטן פון קונסט, איז געקומען א שטאַרקער אויפשטייג אויך אין טעאטער־לעבן. אלע טעאטערן האָבן זיך אנגעהויבן פיבער-האַפט איבערגרופירן, אלע, אייגיקע אויפריכטיק און אייניקע צוויעסדיק, האָבן געפּרואווט זיך איבערפאַרבן אין רעוואלוציאָנערע און אַפילע אין פראָ-לעטארישע פאַרבן. אָבער אַרום קיינעם פון זיי איז ניט געשאפן געווארן קיין פראָלעטארישע אַטמאָספער, — פון אַ קאָמוניסטישער אַטמאָספער איז דאך שוין אָפּגערעדט. עמס, מייערכאָלדס טעאטער איז דער אייג ציקער פון די אלגעמיינע טעאטערן, וואָס האט אויפריכטיק געשטרעבט

אָנצוטאַפּן דעם דויפעק פון דעם פּראָלעטאַרישן צושויער-פּובליקום, און אים האט זיך טאַקע אין דער הינזיכט עפּעס יאָ איינגעגעבן. אָבער נאָר איין שטריך האָט ער ריכטיק געטראָפן: די דינאַמיק, די רירעוודיקייט, דעם אימפּעט. אָבער דערדאָזיקער טעאַטער איז אינגאנצן אָרים אין פאַרבן און שטום אין קלאַנגען. אלס אַ אינטעליגענט א באַלטשואווע האלט, ווייזט אויס, מייערכאָלד, אז דער ארבעטער און דער פּאָלקס-מענטש איבערהויפּט האלט ניט פון אויסערלעכער שיינקייט און קלאַנ-גען-רייכקייט, אז ער זוכט נאָר גוטגעמיינטע טענדענץ אָפּן פּאָן פון גרויקייט און טויבשטומקייט. אָבער די מאסן האַלטן גראָד פון העלקייט, פילפאַרביקייט און פילקלאנגיקער האַרמאָניע, און טענדענץ ווילן זיי אין קונסט אויך באקומען ניט דורך אינסצענירטער פּובליציסטיק, נאָר דורך דער שפּראך פון בוילעטער פאָרם. אָט האט מען מיט יאָרצענדליקער צוריק געמאכט אַן אַנקעטע בא די דייטשישע סאָציאלדעמאקראַטישע ארבעטער וועגן זייערע טעאטער-געשמאקן, האבן זיי זיך ארויסגעזאגט פאַר שילערס דראמעס און קעגן הויפּטמאנס „וועבער”. שילער, האָבן זיי געשריבן, איז טאַקע אַ בורזשואַזער דראמאַטורג, אָבער ס'איז בא אים פאראן אימפּעט, דראַנג, לעבעדיקע האנדלונג, אַן בוימלדיקן מוסער, און הויפּטמאן איז צו זיס, פול מיט טרערן-ראַכמאָנעס צו נעבעך-אָרימע שטרייקער...

און דער איינציקער טעאַטער (אויסער די פּראָלעטקולטישע פּרואוון) אין דער ראַטן-פעדעראַציע, וועלכער איז פון אָנהויב אָן גלייך באליבט געוואָרן פון די אַרבעטער-מאַסן, און נאָר פון זיי, — איז דער מלוכישער אידישער קאַמער-טעאַטער.

דערדאָזיקער פאַקט צעשטערט פיל אָנגענומענע אינטעליגענטישע אויסטראַכטענישן. דער אידישער קאמער-טעאטער איז ניט קיין „רעאַ-ליסטישער”, ער לאָזט זיך ניט אַראָפּ צו די קלוימערשטע געשמאַקן פונם פּראָסטן אוילאָם, ער אַרבעט מיט עכטע, דאַפקע קאָמפּליצירטע קונסט-מעטאָדן, זיינע שעפער און מיטאַרבעטער זיינען די מאָדערנסטע קינסטלער, —וואלט ער, דוכט זיך, געדאַרפט זיין ניט צוגענגלעך פאַר די מאסן. לאָזט זיך אויס—פונקט פאַרקערט: די בירגערלעכע קרייזן, די

אינטעליגענץ, די פּאַטענטירטע קונסטוועלט האָבן דעם טעאַטער ניט אָנגענומען, און אנערקענט האָבן אים פון ערשטן מאָמענט אָן נאָר די אַרבעטער און די קאָמוניסטן.

מיר איז שוין וועגן דעם מלוכישן אידישן קאמער-טעאַטער פיל אויסגעקומען צו שרייבן, און איך דאַרף דאָ ניט מאַריך זיין וועגן די סיבעס, פאַרוואָס דער טעאַטער געפעלט אַזוי די מאַסן און רופט אַרויס אַזאַ סינע מיצאַד דער בורזשואזיע. נייע פרייד, אומגעהערטער אימפּעט, באַפליגלענדיקע רירעוודיקייט, פאַזראָנעס אין פאַרבן, ראַכוועס אין קלאַנגען, באַפרייטקייט פון אַלטוואַרג-טראַדיציעס, זאָרגלאָזער שמייכל, אומבאַזיגבאַרער דראַנג צום קומענדיקן, — דאָס זיינען אַזעלכע אייגנשאַפטן, וואָס מוזן פאַנגען די אַרבעטער-מאַסן און אָפּשרעקן געשטעלטע מענטשן מיט מויכעס און הערצער פון שטייענדיקע זומפּן.

האָט דער טעאַטער אין מאָסקווע גלייך אויסגענומען באַם בינטל אידישע אַרבעטער, וואָס איז דאָ פאַראַן, בא דער פּראָלעטאַרישער און קאָמוניסטישער סטודענטנשאַפט, באַ די אידן-קאָמוניסטן. אויך אַ אייבעראַשנדיקער פאַרן קלאַל-יסראָעל פאַקט: דער „צורר היהודים" טשעמעריסקי, דער האָמאָן מערעזשין, די זינדיקע אידישע טאָכטער, די מאַרשאַאַס עסטער, דער פּראַנאַיטיס ליטוואַקאָוו, דער ראָשע „אין מונדיר פון ג. פ. או." ראַפעס (אַזוי קוואַליפיצירט אונז אַלעמען די אידישע שונד-פּרעסע אין אויסלאַנד), זיי זיינען אַלע געוואָרן כאַסידים פון א טעאַטער, וואָס שטעלט ניט קיין אַגיט-פּיעסן, איז ניט בלויז ניט רעאַליסטיש, נאָר איז אפילע „עקספּרעסיאָנאַליסטיש"-„פוטוראַליסטיש", לויט איינעם אַ קאָרעספּאָנדענט פון „פאָרווערטס"!..

אָבער דער טעאַטער האָט דאָך געאַרבעט אין מאָסקווע, ווייט פון די אידישע אַרבעטער-מאַסן. עפּשער איז דאָס נאָר א מאָסקווער פאַרבלענדעניש? אַ הויפּט-שטאָט האָט דאָך אירע קאַפּריזן. עפּשער איז דאָס נאָר אַ נייע גזיירע פון יעווסעקן, מיט גוואַלד אָנגעבונדענע סימפּאַטיעס? ווי באַוואוסט, זיינען דאָך אין מאָסקווע אפילע דעם ערשטן מאַי הונדערטער-טויזנטער פּראָלעטאַריער אַרויס אין גאַס, נאָר געטריבענע דורך די יונגען פון „גע-פּע-או"! וואָס וועט אָבער זאָגן די אי-

דישע אַרבעטערשאַפט אַף די ערטער? צי וועלן זיי ניט פאַרשטיינערן דידאַקטישע טעאַטראַלע פאַרזעעניש, וועלכע פעלשט אין אַלע אָנגענומענע יעסוידעס פון דער אידישלעכער (און ניט בלויז אידישלעכער) טעאַטער-קולטור און אין אַלע הייליקטימער פון פאָלק יסראָעל?

מע דאַרף מוידע זיין, אַז דער טעאַטער גופע האָט שטאַרק גע-ציטערט פאַר זיין ערשטע באַגעגעניש מיט די אידישע אַרבעטער-מאַסן אין זייערע אַלטגעזעסענע ערטער. ווען עס איז געקומען די צייט אָפּ-צופאָרן קיין מינסק, איז דער קאַמער=טעאַטער מאמעש געווען פאַר-מאָרעשכוירעט — אַן אומגעוויינלעכע זאַך פאַר דעמדאָזיקן טעאַטער וואס וועט דער אידישער אַרבעטער אַף די ערטער זאָגן וועגן די מע-שונעדיקע זשעסטן, די באַרימטע לייטערס, די געפּלעקטע קאָסטיומען די שפרונגען פון דער הויך און די קולביטן (קוליען זיך)? ווי וועט ער באַנעמען די מאָדנע שטיק פון דער אויסטערלישער קאַפּעלע?

פאַר דער ערשטער פאָרשטעלונג אין מינסק („די קישעפמאַכערין”) איז די טרופּע געווען ניט טויט, ניט לעבעדיק, אַ פּאַכאַד איז אָנגע-פאַלן אַף אַלעמען,—אַף די אַרטיסטן, מוזיקאַנטן, אַפילע אַף די טעכ=נישע אַרבעטער פון סצענע. אַ ווערטעלע: מע דאַרף באַלד זיך באַ=וויזן פאַר די אויגן פון זיין מאַיעסטעט דעם פּראָלעטאַריאַט! און די אַרטיסטן אליין דערציילן, אַז אַזוי האָבן זיי נאָך אַף זייער לעבן ניט געשפּילט: מיט גרויס קאַוואָנע, מיט עקסטאַז, מיט גוף און נעשאָמע...

און זיי האָבן דעם עקזאַמען אויסגעהאַלטן!

דער מינסקער אַרבעטער האָט דעם טעאַטער באַלד אָנגענומען. די שפּילעוודיקע היספּאַילעס פונם טעאַטער האָט גלייך באַגעגנט אַ צעטומלטע היספּאַילעס פונם אַרבעטער=צושויער; אַ צעטומלטע, ווייל געפעלן איז דער טעאַטער שטאַרק, אָבער פאַרשטאַנען דעם מעהוס סאַי פונם שפּילן, סאַי פון זייער אייגענער האַנאָע האָבן זיי ניט גלייך. אַזאַ טעמפּ, אַזאַ ריטם, אַזאַ ראַכוועס, אַזאַ באַוועגלעכקייט אַף אַלע שעטאַכן און אין אַלע כאָלאָלן האָבן זיי דאָך קיינמאָל און ערגיץ ניט געזען. דער מאַסן-אינסטינקט האָט דאָס געהערטע און געזעענע באַלד אויפגעכאַפּט, אָבער דער באַוואוסטזיין האָט עס ניט גלייך באַנומען.

בעשאַס די אַנטראַקטן האָט אין די פּאָיעס געהערשט אַ מין פּריי־ דיקע פאַרלעגנהייט. הייסע דעבאַטן, אויפגערודערטער מיינונג־אויסטויש.

— פאַרשטאַנען?

— איך ווייס ניט, אָבער ס׳איז גוט, אָבער גוואַלדיק געפעלן!

— צו וואָס די לייטערס, די צירק־שטיק?

— איך ווייס ניט, אָבער ס׳איז נויטיק, ס׳איז גוט!

— וואָס זשע געפעלט דאָ, אַז מע פאַרשטייט ניט?

— ס׳איז לעבן, ס׳איז באַוועגונג, אַ גאַנצע וועלט אַרבעט, פרייט זיך, זינגט, טאַנצט און לאַכט—מיט אונז, אָבער ניט פון אונז!

מינסק איבערהויפּט האָט נאָך קיין ענטע קונסט ניט געזען, ביפראָט די מינסקער אַרבעטערשאַפט. איז דער באַלעבאַטישער מינסק האָט נאָך עפּעס באַקומען ביערושע פאַרשימלטע קונסט-טראַדיציעס, בריקעוועט ער זיך, צאָרנט ער, שרעקט ער זיך. אָבער די אַרבעטער, וועלכע הויבן ערשט אָן זייער באַוואוסטזיניק קונסט-לעבן, וועלכע געפינען אין זיך אַליין זייער אָנהויב און זייער סאָף, האָבן דערפילט אינם טעאַטער זייער דינאַמישן דראַנג, זייערע פאַרבאָרגענע פריידן, זייער האַרציקן, געזונטן, שעפערישן שמייכל. ביפראַט נאָך, אַז צווישן דער ברויזנדיקער קונסט שלענגלען זיך אומעטום זייערע רעוואָלוציאָנערע טענדענצן, אונטערגעטראָגענע ניט אין דער פאָרם פון פובליציסטיש-אויסגעטייטשטע פראָגראַם-פונקטן, נאָר אין העלע, בוילעטע, גלענצנדיקע קונסט־פאָרמען...

דאָס איז קימאַט דאָס ערשטע מאָל אין דער געשיכטע פון דער קונסט, ווען זי קומט פאַר די אַרבעטער-מאַסן האַלטן עקזאַמען נאָר מיט ריינער פאָרם, און האַלט אים אויס אויך אין אינהאַלט. ס׳איז דער ערשטער עקספּערימענט—און צום גליק אַ גאַנץ געלונגענער עקספּע־רימענט!

II

# צווייטע באַגעגעניש

די מינסקער באַגעגעניש, דער ענטוזיאַסטישער קאַבאַלאַס-פּאַנים, וואס דער מינסקער פּראָלעטאַריאַט האט געמאכט דעם אידישן קאמער-טעאטער, האט אפן טעאטער געהאט א קאָלאָסאַלע, אבער אייגנארטיקע ווירקונג.

בא דער גאנצער באַגייסטערונג, וואס די מינסקער אַרבעטערשאפט האט ארויסגעוויזן צום טעאטער, האט זיך דאך געפילט, אז אין איר לעבט אַ פארבאָרגענע און אָנגעשטרענגטע בענקשאפט און דאָרשט צו דערזעען אף די ברעטלעך פון *דעמדאָזיקן* טעאטער *זיך*, די איצטיקע עפּאָכע *אין קאָנקרעטע האנדלונגען און געשטאלטן*, אויסגעדיכטעטע אין די טעמפּן און ריטמען, לויט די מעטאָדן און גענג פון *דעמדאָזיקן* טעאַטער.

פון דער אנדערער זייט, האט אויך דער טעאַטער דערפילט די אינערלעכע נויטווענדיקייט צו געבן דעם אָקטיאַבער-געמיט, דעם אויפשטייג פון דער אַרבעטער-רעוואָלוציע ניט אף אַ *רומיקע וועגן*, נאָר אין אומיטלבאַרע סצענישע קונסט-פאָרשטעלונגען.

— מיר נויטיקן זיך אין פאָרשטעלונגען פון רעוואָלוציאָנערער פאטעטיק, — פלעגט מיר נאָכן מינסקער באזוך אָפט זאָגן דער באַשעפער און אָנפירער פונם טעאַטער, כ. גראַנאָווסקי, — אין סצענישע איבערדיכטונגען פון גראַנדיעזע אַרבעטער-שלאַכטן און אַרבעטער-ניצכוינעס.

און דיזעלבע בענקשאַפט האָט געגאגט אויך אין די מער וואַכע נאַטורן פונם טעאַטער-קאָלעקטיוו.

אָבער...

— אונז, צייט-כאַווײרים, אָנטײלנעמער און אײדעס פון דער אָק-טיאַבר-רעװאָלוציע, איז אומגעװײנלעך שווער צו איבעראַשן מיט רע-וואלוציאָנערע פאָרשטעלונגען, — פלעגט טאַקע דערביי פאַר מיר זיך קלאָגן דערזעלבער א. מ. גראַנאָװסקי. — די רעװאָלוציע האָט געשאפן און האַלט אין איין שאַפן אַזעלכע גראַנדיעזע מאַסן-שױשפּילן און גאַסן-האַנדלונגען, װאָס קײן איין רעזשיסער װעט זיך צו זיי ניט דערהױבן און קײנע אקטיארן װעלן זיי ניט אױספירן. און איך זאָג דאָס ניט בײ-דערעך מעליצע, פיגוראל, נאָר טאקע אין בוכשטעבלעכן זין פון װאָרט.

— אָט האָבן מיר איבערגעלעבט די גרויסע װאָך פון אילאיטשס טויט. אַ גאַנצע מיליאָנען-שטאָט, גרייז און קינד, אַלט און יונג, אַ גע-מיש פון קלאסן און שיכטן, פון אלערליי געשטאלטן און פיגורן האט אין מעשעך פון א גאנצער װאָך געהאַלטן אין איין אָנגעשטרענגטן באַ-װעגן זיך צו דער װעלט-עסטראדע—צום קאָלאָנען-זאל פונם פאריינען-הויז, װאו עס איז געלעגן לענין אין זיין אָרן. באַטאָג—באזילבערטע פון פראָסט און פארויכערטע פון שייטערס, בא װעלכע זיי פלעגן זיך װאַ-רימען, אויסטאנצנדיק א מין אימפּראָװיזירטן טרויער-טאַנץ; באנאכט, פארויטלט פון די שייטער-פייערן, װעלכע האָבן זיך װי דורך א װאונ-דער באװעגט צוזאמען מיטן אָנגעשטרענגטן אויקאם. און דאָס אַלץ פלעגט זיך דורכשלענגלען פארביי דעם אָרן אין דעם מאט באלויכטע-נעם זאל מיט זיין אין טרויער פארגליווערטער װאַך אונטער דער פאר-דומפּטער מוזיק פון טרויער-מארשן—זיך דורכשלענגלען און צעשפּריצט װערן אין אלע עקן פון דער אויפגעברויזטער שטאָט. א װעלט-שטאָט, א גאנץ אומגעהויער לאנד אין טרויער פון רעװאָלוציאָנערן אוילע-רעגל זיין, -װער קאָן נאָך שאפן אזא גראנדיעזע שױשפּיל?

— איך האָב גענומען די פרישסטע גראנדייעזע שױשפּיל, אראנזשיר-טע דורך דער רעװאָלוציע, אָבער אזעלכע שױשפּילן קומען דאָך פאָר אזוי אָפט, און ניט בלויז אין ראטן-פארבאנד, נאָר אפן גאנצן ערד-קיילעך פונם אויפגעברויזטן פּראָלעטאריאט! קאָנען מיר, טעאטערן, „קאָנקורירן” מיט דער שאפונג פון דער רעװאָלוציע? רעװאָלוציע איז

נאָך אלץ פליסנדיק לעבן, יעדערער פון אונז איז נאָך אליין ניט וויסנ-דיק און ניט פילנדיק א געצוואונגענער אַקטיאר,—און קונסט האָט צו טאָן מיט אפזאץ, עס מוז געשאפן ווערן א מעהאלעך, א פערספעקטיוו צווישן אונזערע סטיכישע האנדלונגען און אונזער קינסטלערישן בא-וואוסטזיין, קעדיי מיר זאָלן שוין זיין אימשטאנד זיי אויפצונעמען ווי דיכטוגגס-מאטעריאל.

— ניט צופעליק איז דאָס, לעמאָשל, וואָס ניט בלויז דער אלט-פרענקישער קינסטלערישער טעאטער האָט זיך גענומען פאר אָפּערעטן, ווי „מאדאם אנגא", „פעריקאלא" א. אז. וו., נאָר אויך מייערכאלד האָט נאָך „מיסטעריא בוף" געגעבן א פארס „דער גרויסמוטיקער האָרנטרע-גער"*), און נאָך דער „ערד קאפויר"—אָסטראָווסקיס „וואלד". דער רעוואָלוציאָנערער צושויער-מאסע נאָך דער טאָג-אנגעשטרענגטקייט פון איר שטערן און בויען געלוסט זיך א היכיקן און זאָרגלאזן לאך טאָן, און דער רעוואָלוציאָנערער טעאטער, וועלכער פילט זיך ניט בעקויאך זיך פארמעסטן אין שוישפיל-קונסט מיט דער רעוואָלוציע, פילט די ויטווענדיקייט אויסצולאָדן זיין שאפונגס-ענערגיע אף דער אנטבלויזונג פונם אלטן שטייגער. ביפראט נאָך, אז קיין איין פיעסע, וועלכע זאָל ווערט זיין די עפּאָכע און איר טעאטער, איז ניטאָ.

העכסט באזאָרגט פון אָנגעשטרענגטער וואָרטעניש פון די ארבע-טער-מאסן, וועלכע ער האָט סטיכיש געפילט הינטער זיך, אליין פול מיט רעוואָלוציע-פּולווער, וועלכן עס איז אזוי שווער אויסצולאדן, האָט דער טעאַטער פאַרבראַכט אַ סעזאָן פון אַן אייגנאַרטיקער האַפּ-סאָקע. ער האָט זיך פאַרנומען אָדער מיט קינסטלערישן אָפּשלייפן און אויספיילן מיניאַטורן (דער „געט") אָדער אין באלעווען זיך מיט קליינ-קונסט („דריי פינטעלעך"). איבער דער גרעסערער אַרבעט — פערעצעס „באַנאַכט אפן אַלטן מאַרק"—האָט ער, עמעס, געאַרבעט אינטערעסאַנט און אָנגעשטרענגט, אָבער אַלץ אָפּגעלייגט איר פאַרענדיקונג: „באַנאַכט" איז די פאַרענדיקונג פון אַ באַשטימטן שאַפונגס-עטאַפּ, ווען אין טעאַטער ברענט אזוי דער כיישעק שוין איבערצוגיין צו אַ נייעם...

*) „האָרנטרעגער"—א מאַן, אין וועלכן עס פעלשט זיין ווייב.

האָט זיך דער טעאַטער געשפּייזט דער איקער פון איין פלאַמענדן וואונש: זיך וואָס גיכער ווידער איינטונקען אין די אַרבעטערמאַסן, זיי עסטעטיש אויפריכטן מיט זיין דערוואַרבענער קונסט און פון זיי אליין רעוואָלוציאָנעריש אויפגעריכט ווערן דורך דעם רעוואָלוציאָנערן ברען פון זייער ליבע.

און די ליבע און ענטוזיאַזם פון די אַרבעטערמאַסן צום טעאַטער איז פאַר דעם יאָר אומגעהויער אויסגעוואַקסן. די מעטאָדן און גענג פונם קאַמער-טעאַטער זיינען געוואָרן נייער שטייגער אין קינדער-אַנשטאַלטן, אין אַרבעטער-קלובן, אין אַלערליי ארבעטער-פאַרווייליונגען. אוילערעגל פון די ערטער, וואָס פלעגן אין מאָסקווע זען די פאָרשטעלונגען פונם טעאַטער, האָבן די בסורע וועגן זיין פרייד-שאַפונג פאַנאַנדערגעטראָגן איבער אלע אידישע אַרבעטער-צענטרען פונם ראַטן-פאַרבאַנד, — און דאָ איז געקומען דער מינסקער אויפנאַם, וועלכער האָט נאָך פאַר-שטאַרקט דעם וואונש צו זען בא זיך דעם טעאַטער צו גאַסט...

האט זיך דער טעאַטער ענדלעך געלאָזט אין וועג — קיין קיעוו, קיין האָמעל, קיין אָדעס, קיין כאַרקאָוו.

אין אַלגעמיין איז דאָס בילד געווען דאָסזעלבע, וואָס אין מינסק פאַראַיאָרן: אַ טעאַטער צו גאַסט באם פּראָלעטאַריאַט. אָבער עס זיינען צוגעקומען פיל נייע שטריכן, לויט די באַדינגונגען פון אָרט און מאָמענט.

דער ערשטער ארויספאָר איז געווען קיין קיעוו.

מינסק איז אַן אלטער צענטר פון דער רעוואלוציאָנערער אידישער אַרבעטער-באַוועגונג, קיעוו איז אַן אלטער צענטר פון דער נייער אי-דישער מאַסן-קולטור און א פיל גרעסערער קולטור-צענטר איידער מינסק איבערהויפּט. האָט מינסק אויפגענומען די נייע עסטעטיק פונם אידישן קאמער-טעאַטער דורך דער פריזמע פון רעוואָלוציע, און קיעוו האָט אויפגענומען די רעוואָלוציע אינם אידישן קאמער-טע-אטער דורך דער פריזמע פון קולטור. די מינסקער ארבעטערשאַפט האָט געהאַט מער רעוואָלוציאָנערע היספּאַילעס פון די נייע קאָמעדיאַנטן, די קיעווער—מער קולטורעל-עסטעטישע היספּאַילעס. אין אלגעמיינעם סאַכאַקל באַווייזט דאָס, אז דער אידישער קאַמער-טעאַטער ברענגט

מיט זיך קונסט־קולטור אין דער רעוואָלוציע און רעוואָלוציע אין דער קונסט־קולטור.

דערפאַר זעען מיר טאַקע, אז די ליטעראַטור וועגן די ספּעק־טאַקלען פונם טעאַטער, וועלכע איז באַשאַפן געוואָרן אין מינסק (אין „וועקער") איז געווען דערהויפּט אַן אַמכאָדיקע, מיינונגען און געפּילן פון געוויינלעכע אַרבעטער, וואָס דריקן אויס זייער עסטעטישן פאַרגעניגן אין אַן איינפאַך פּאָליטישער שפּראַך; און די ליטעראַטור, וועלכע איז באַשאַפן געוואָרן אין קיעוו — די זאַמלונג „אידישער קאַמער־טעאַטער", — איז דערהויפּט צוזאַמענגעשטעלט דורך קוואַליפיצירטע לי־טעראַטן און קולטור־טוער און אייניקע אַרבקאָרן, וועלכע דריקן אויס זייער רעוואָלוציאָנערן פאַרגעניגן אין אַ קולטורעל־עסטע־טישער שפּראַך.

אָבער אין אַלגעמיין האָבן מיר געהאַט פאַר זיך דאָס מינסקער בילד: אויפגעברויזטע אַרבעטערשאַפט, רעוואָלוציאָנערע אויפמערקזאַמ־קייט און גאַסטפריינטלעכקייט פון דער פּאַרטיי, דער מאַכט, די פּראָ־פאַריינען. אין קיעוו איז נאָך צוגעקומען דער באַפליגלטער עקסטאַז פון דער אָרטיקער אידישער ליטעראַריש־קינסטלערישער וועלט.

אָבער דער יאָנטעוו איז געווען ניט בלויז אַ אידישער. צווישן דער גרויסער צאָל באַזוכער (22 טויזנט) איז געווען פון 25 ביז 30 פּראָצענט ניט אידן: אַרבעטער, ראַטן־טוער, פּאַרטיי־טוער, קולטור־טוער. ווייל דער טעאַטער איז אַן אַלגעמיין אָקטיאבר־קינד. דערפאַר האָט טאַקע די אָרטיקע אַלגעמיינע פּרעסע, סאַי די רוסישע „פּראָלע־טאַרסקאַיאַ פּראַוודאַ", סאַי דער אוקראַאינישער „בילשעוויק" א. א., קי־מאַט אַלע טאָג געגעבן וועגן די ספּעקטאַקלען פונם טעאַטער אַנטציקטע יאָנטעוו־אַרטיקלען.

אָבער שוין גאָר אַן אויסגעשפּראָכענעם כאַראַקטער פון אַ „טע־אַטער צו גאַסט באַם פּראָלעטאַריאַט" האָבן באַקומען די גאַסטראָלן אין האָמעל. דאָ איז דער טעאַטער געקומען בוכשטעבלעך צום גובקאָם פון דער פּאַרטיי, צום גובאויספּירקאָם, צום גובראַט פון די פּראָפאַריינען — אַפילע צו דער רויטער אַרמיי. פון 15 ספּעקטאַקלען אין האָמעל זיינען

8 געווען פּראָפּאַריינישע, די גאַנצע אַרבעטערשאַפט, איינגעשלאָסן אַ גרויסער טייל רוסישע אַרבעטער, האָט די גאַנצע צייט געלעבט אין יאָנטעוו-צושטאַנד, און אויסער דעם האָט די טעאַטער-כאַליאַסטרע געמאַכט אַ וויזיט אויך קיין בעליצע, צום רויטאַרמייאישן טייל, פאַר וועמען זי האָט געגעבן אַ באַזונדערע פאָרשטעלונג, אַרויסרופנדיק די גרעסטע באַגייסטערונג באַ די קריגער פון דער רעוואָלוציע.

און אומעטום האָבן אַרבעטער אַרומגערינגלט דעם טעאַטער-קאָלעקטיוו, און די אַרטיסטן האָבן זיך געצויגן צום פּראָלעטאַריאַט. פייערונגען און באַגריסונגען, באַנקעטן און ברידערנישן,—דאָס איז געווען דער אויסטערלישער שטייגער פון די באַגעגענישן.

אַזוי אַרום האָט זיך דאָס יובילײ-יאָר פונם אידישן קאַמער-טעאַטער, דאָס פינפטע יאָר פון זיין עקזיסטענץ, פאַרענדיקט מיט דער פולקומער צונויפגיסונג פונם טעאטער מיט דער אַרבעטערשאַפט, מיט דער פאַרשטאַרקונג פון זיין צוזאַמענבונד מיט די מאַסן-קאַדרען פון דער אָקטיאַבר-רעוואָלוציע, וואָס וועט אים געבן מוט און דראַנג אַף איבערייִן צו אַ ווייטערדיקן עטאַפּ אין זיין שאַפונג—צום שילדערן דעם אומיטלבאַרן אָקטיאבר, צום דיכטן לעבעדיקע געשטאלטן פון זיינע שלאכטן און ניצכוינעס...



„דאס גרויסע געווינס“
(3-טער אַקט).

---

דער טעאַטער האט דאס ערשטע יאָר פון זיין עקזיסטענץ געאַרבעט אין לענינגראד, וואו ער איז אנטשטאנען. דאס איז געווען דעם „מאי-סטערס שול-יאָר". א יאר פון יוגנטלעכן קרעפטן-פּרואוו, פון פאָרמעלע עקספּערימענטן, פון פאָרם-זוכענישן. אבסטראקטע פאָרם (מעטערלינקס „בלינדע"), שטייגער-דראמע („גאט פון נעקאָמע", ערשטער, לענינגראדער וואריאנט), טראגעדיע („אוריעל אַקאָסטא", לענינגראדער וואריאנט) א. א. ווי עס שיינט, האט נאָך דער טעאטער דאן קיין רעפּערטואר ניט געהאט, — אפילע אין דעם זין, ווי דער אידישער קאמער-טעאַטער בילדעט אויס זיין רעפּערטואר, ד. ה. לויט זיינע אפגעפארטיקטע פארשטעלונגען. ווייל דאס זיינען נאך אייגנטלעך ניט געווען קיין פארפליכטנדיקע פארשטע-לונגען, נאר סטודיען-ארבעטן פון א העכערן שניט, וועלכע האבן געהאט די אויפגאַבע צו ארגאניזירן און פארהארטעווען די ערשטע קאדרען פונם ערשטן מאדערנעם אידישן טעאטער-קאלעקטיוו. אבער די שאפונגס-מע-טאדן: ראציאנאליסטישער עקסטאז אדער עקסטאטישער ראציאנאליזם, אויפגעברויזטע, אבער שטרענג אויסגערעכנטע טעמפּן און ריטמען העכסט שפּארעוודיקע, אבער פולסטע אויסנוצונג פונם טעאטער-ברעטל, מוזיק און קונסט אלס אָרגאַנישע מיטאנטיילנעמער אין ספּעקטאקל — דאס אלץ בא א אינערלעכע נעטיע צו מאסן-האנדלונג, — די דאזיקע מעטאדן האבן זיך גאנץ בוילעט אנגעמערקט שוין אין דעם עמבריאנאלן צושטאנד פונם טעאטער.

אין לענינגראד, וואו קיין רעוואלוציאָנערע אידישע ארבעטערשאפט האט זיך אין יאר 1919 לאכלוטן ניט געפילט, נאר דערפאר האבן זיך דארט אפילע טכילעס ראטן-מאכט שטארק געפארקעט איינגעשפּארטע רעשט-לעך פון די אלטאידישע „פּייטערבארגער" כעוורעס, האט נאך דער טעאטער

קיין אויסקריסטאליזירטע אידעאָלאָגיע א י ן ז י י ן א ר ב ע ט ניט געהאט, — אבער א ר י ע נ ט י ר ט האט ער זיך גלייך באם אָנפאנג אף די מאסן. און בא דער ערשטער מעגלעכקייט האט ער זיך (אין יאר 1919) געלאזט אף גאסטראלן אין וויטעבסק, וואו ער האט שוין דאן שטארק אויסגענומען בא די ארבעטער און האט געארבעט אין ענגסטן קאנטאקט מיט די געהעריקע ראטן-אנשטאלטן און די פראפעסיאנעלע א־גאניזאציעס.

און סאפקאָלסאָף איז דער טעאטער אין יאר 1920 אריבערגעפאָרן קיין מאָסקווע, וואוהין ס'האט אים שטארק געצויגן — דאך נעענטער צו די אידישע ארבעטער-צענטרען! — און וואוהין עס האבן אים ארויסגעצויגן די אידישע פארטייאישע און סאָוועטישע אנשטאלטן.

דאס יאר 1920 איז געווען דאס יאר פון פולן ניצאכן פונם קאמוניזם אין דער אידישער ארבעטער-סוויווע, און דער ניצאָכן איז געגאנגען פון מאסקווע און דורך מאסקווע. אין מאסקווע האָט זיך שוין צו יענער צייט צונויפגעזאמלט א היפש בינטל אקטיווע אידישע קאמוניסטן. עס האט זיך אנגעהויבן דער אויפגאנג פון די אידישע סאוועטיש-פאַרטייאישע קולטור-אַנשטאַלטן, און וואס ווייטער האבן זיך אין מאסקווע געקליבן אלץ מער אידישע ארבעטער, פראלעטארישע סטודענטנשאפט, סאָוועטישע און פארטייאישע קולטור-טוער, ליטעראטן און קינסטלער.

אזוי ארום האָט אין מאָסקווע דער טעאַטער גלייך געפונען די סוויווע, אין וועלכער ער האָט זיך געניטיקט, וועלכע זאָל אים פּאָליטיש און אידעאָלאָגיש באַגייסטערן און פאַר וועלכער ער זאָל אליין ווערן א צענטראלער פאַקטאָר פון קולטורעל-עסטעטישער אנטוויקלונג און אויפווירקונג. און אויב שוין אין לענינגראד האָט דער טעאַטער געאַרבעט אין ענגסטן קאנטאַקט מיט דער ראַטן-מאכט און מיט די דאָרטיקע פיאָנערן-קעמערלעך פון די סאָוועטיש-פאַרטייאישע אידסעקציעס, האט ער זיך אין מאָסקווע אינגאנצן איינגעשלאָסן אין דער סיסטעם פון דער קאמוניסטישער אויפווירקונג און דערציאונג אין דער אידישער סוויווע.

האָט טאַקע אין מאָסקווע דער טעאַטער גלייך אָנגעהויבן אַנטוויקלען דעם גאַנצן ברען און אימפעט, וועלכער איז אין אים געווען פאַר-

באָרגן, און איז געוואָרן דער מלוכישער אידישער קאַמער-טעאַטער, וועלכן עס קען, וועלכן עס שאצט און וועלכן עס ליבט אַזוי די אידישע אַרבעטערשאַפט.

און די דערגרייכונגען פאַר די ערשטע פינף יאָר פון זיין עקזיס-טענץ זיינען אומגעהויער גרויס אין אַלע געביטן.

דער אידישער קאַמער-טעאַטער האָט געפונען דעם סאָד פונם אידישן זשעסט, פון דער אידישער באַוועגונג, פון דער אידישער פּלאַסטיק און דינאַמיק, און אַראָפּנעמענדיק פון זיי דאָס הייטל פונם אידישלעכן „דריי" און קער, האָט ער אַנטפּלעקט דעם ראַנד, באַ וועלכן דאָס נאַציאָנאַלע גייט איבער אין דאָס אינטערנאַציאָנאַלע. ער האָט געשאַפן אַזא אידישן טעאַטער-סטיל, וועלכער קאָן מיט רעכט פּרעטענדירן צו זיין איינער פון די סטילן, וואָס אין זייער סכום וועלן זיי אויסבילדן דעם נייעם סטיל פונם קומענדיקן אינטערנאַציאָנאַלן פּרייהייטס-טעאַטער.

דורך דער קראַפט פון גוואַלדיקער סאָציאַל-קולטורעלער קפיצאס-האַדערעך, אף וועלכער דער טעאַטער איז מעסוגל, האָט ער פאַרפילט דעם בלויז אין דער אידישער טעאַטער-קולטור,—דאָס פעלן פון קונסט-טראַדיציעס. אין איין און דערזעלבער צייט שאַפט דער טעאַטער קונסט-טראַדיציעס, וועלכע האָבן דעם ווערט פון דוירעס-קולטור, און איז זיי טאַקע באַלד אפן אָרט גויווער, פאַ-וואַנדלענדיק זיי אין עלעמענטן בלויז פון קינסטלערישער מעסוירע. דער טעאַטער האָט געפונען דעם צויבער-שליסל צו די אויצרעס פונם אידישן פאָלקלאָר, וועלכע ער דיכטעט איבער אין קונסטווערק פון נייער מאַסן-קולטור. דערפאַר טאַקע האָט דער אַלטער אידישער טעאַטער פון אַלע מינים אַזא געפערלעכן סוינע אין געשטאַלט פונם אידישן קאַמער-טעאַטער. שפּילעוודיק פאַרניכטעט דער קאַמער-טעאַטער אַלע מינים אַלטן אידישן טעאַטער, וועלכע שטעלן מיט זיך פאָר ניט בלויז טעאַטער-שימל, נאָר אויך אַ קאַנדענסאַציע פון אַלערלייאיקער רעאַקציע. אַלע פּלאַנגען פונם אַלטן און אַפילע „אַלטנייעם" אידישן טעאַטער קאָנען האָבן נאָר איין טרייסט: אַזא צויבערפּולן הענקער, אַזא פריידיקן קאַברען איז נאָך קיי-נעם ניט באַשערט געוועןǃ..

ס׳איז געשאפן געוואָרן (אין „מאזלטאָוו״) דער העכסט קינסטלע-רישער סטיל פונם עכטן פאָלקסהומאָר, וועלכער איז דער יעסאָד פון דער עמעסער קאָמעדיע. דער סטיל פון שפריצן פאָלקסאטירע („אגענטן״, „ס׳אליגן״), וועלכע וואקסן דערנאָך אויס אין א גרויסע סאָציאלע סא-טירע („דאָס גרויסע געווינס״). דער סטיל פון טראגיקאָמעדיע („געט״), פון אינטעלעקטועלער דראמע („אוריעל אקאָסטא״). דער סטיל פון גרוי-סער פאָלקשפיל („קישעפמאכערין״), וועלכע אנטהאלט און קאָן אין זיך אנטהאלטן דידאָזיקע אלע איינצלשפילן און איז דער יעסאָד פאר טע-אטער פון מאָדערנע מאסן-האנדלונגען. און ענדלעך דער סטיל פון רע-וואָלוציאָנערע ארלעקינאדעס (אויסער איינצל-סצענעס אין דער „קי-שעפמאכערין״ און אין „גרויסן געווינס״—באזונדערס „קאָמעדיאנטן-קארנאוואל״ און „דריי פינטעלעך״). איצט גרייט זיך דער טעאטער צו שאפן דעם סטיל פון אן ערנסטער אנטינאציאנאליסטישער און אנטירע-ליגיעזער סאטירישער מיסטעריע („בא נאכט אפן אלטן מארק״), נאָך וועלכער עס וועט זיך פאר אים שטעלן די פראגע וועגן דעם סטיל פון רעוואָלוציאָנערער פאַטעטיק, וואָס אין פלאקאט-פאָרם האָט ער שוין מיט איר א שפיל געטאָן אין „פארטאָג״...

פאר פינף יאָר און פאר א טעאטער, וואָס מוז נאָך דערביי גלייכ-צייטיק אויך דורכמאכן די סטאדיע פון „אנפאנגלעכער אנזאמלונג״, איז דאָס איבער גענוג.

אין טעאטער איז די אַנטוויקלונג פון זיינע פאָרמען געגאַנגען האנט בא האנט מיט דער אנטוויקלונג פון זיין אידעאָלאָגיע. און אזוי ווי פאר זיינע מאסקווער יאָרן איז די אידעאָלאָגיע פונם טעאַטער אַלץ מער און מער פאַרשאַרפט געוואָרן קעגן יעדן ארט בורזשואַזן שטייגער, איז אויך די אַנטוויקלונג פון זיין פאָרם געגאַנגען אלץ מער פון גוטמוטיקן הומאָר צו שאַרפער סאַטירע.

אין דעם ערשטן מאָסקווער ספעקטאקל („שאָלעם-אליכעם-אָוונט״) פילן מיר נאָך, עמעס, אַ שיין סטיליזירטן, שאָלעם-אַליכעמס קליינביר-גערלעכן שמייכל, און דער פינאַל פון „מאַזלטאָוו״ איז נאָך דורכגע-דרונגען מיט פאטריאַרכאַל-האַמוינישן פראָטעסט. בלויז אין „אגענטן״

און באזונדערס שפּעטער אין „ס׳אַליגן״ פּילן זיך שוין רעמאזים אַף אַ מער שאַרפע באַציאונג. נאָך אָנהויבנדיק פון „אוריעל אַקאָסטאַ״, וואו עס זיינען צום ערשטן מאָל אזוי בייז פאַרגווילאמט געוואָרן די בורזשואזע פּערסאָנאַזשן, דערגייט שוין אין „גרויסן געווינס״ די שאַרפע סאַטירע ביז איר העכסטן פּונקט. און אין די „דריי פּינטעלעך״, ניט געקוקט אַף אַלע זייערע אויבן אנגעוויזענע כעסרוינעס, שפּילט שוין די סאַטירע פריי, ווי אַ נאַטירלעכער עלעמענט אין דער שאַפונג פונם טעאַטער.

די קינסטלערישע אנטבלויזונג און דעמאַסקירונג פון דעם בורזשואַזן וועזן האָבן דערגרייכט זייער העכסטן פּונקט, — און איצט שטייט שוין אויך דאָ פאַרן טעאַטער די פּראָבלעם פון קינסטלערישן באַשטעטיקן דעם פּראָלעטאַרישן באַגינען. פאַרשטייט זיך, פאָרזעצנדיק דערביי די אַנטוויקלונג און פאַרפולקומונג פון זיינע דערגרייכונגען אין זיין ביז איצטיקן גאַנג.

דער טעאַטער האָט דער ערשטער אין דער אידישער סוויווע געגעבן קלאַסישע סצענישע פאַרקערפּערונגען פון אויסגעדיכטעטע פּי-גורן, וועלכע קאָנען מיט רעכט פאַרנעמען זייער אָרט אין דער פּערסאָ-נאַזשן-גאַלעריי פונם וועלט-טעאַטער. מענאַכעם-מענדל, רעב אלטער, האָצמאַך און שימעלע סאָראָקער אין דער פאַרקערפּערונג פון מיכאָעלס; די קישעפמאכערין, סאָלאָווייטשיק, פּליאסקא-דריגע אין דער אויספירונג פון זוסקין; סאָרע-כאַנצע (ראַטבוים) און מאָטל (גערטנער)—דאָס איז אַ גאַנץ רייכע גאַלעריי פון סצענישע געשטאַלטן, געשאַפענע דורכן טע-אַטער אין מעשעך פון זיינע פיר מאָסקווער יאָרן. קיין טעאַטער אין מאָסקווע האָט פאַר די יאָרן ניט געשאַפן אזוי פיל פיגורן, וואָס זאָלן זיין אויסגערעכנט אַף לאַנגן דויער אין דער געשיכטע פון דער טע-אַטער-קולטור. דערצו דאַרף מען נאָך צוגעבן די דורכשווינדלענדיקע געשטאַלטן און בילדער אין דער קליינקונסט, אין וועלכער עס האָבן זיך באזונדערס אויסגעצייכנט מיכאָעלס, זוסקין און ראַם.

דאָס אליין זאָגט שוין אויך וועגן דער צאָל טאַלענטן, וואָס דער טעאַטער האָט פאַר אזא קורצער צייט געשאַפן און אַרויסגערוקט: דער גרויסער אַרטיסט מיכאָעלס, זוסקין, ראַטבוים, גערטנער און אַ ריי אַנ-

דערע. היינט גראַנאָווסקי אליין—דער שעפער, באַגייסטערער, אָנפירער און אָרגאניזאטאָר פון דעם גאנצן וואונדערשיינעם ביניען!..

דער טעאַטער האָט ארום זיך גרופּירט און ארגאניזירט אלע געביטן פון קונסט, וואס זיינען פאַרבונדן מיט שפּילקונסט, און האט דערמיט באַרייכערט די קונסטקולטור פון די אידישע מאסן. שאגאל, אלטמאן, ראבינאוויטש, פאַלק און דער יונגער, נאך ניט אויסקריסטאליזירטער ראביטשעוו — בא זיי אלעמען האט דער טעאטער גענומען אף באַנייען די אידישע מאסן-קולטור דאס גויטיקסטע, וואס ער האט געדארפט, און דאס בעסטע, וואס זיי פארמאגן. און אין געביט פון מוזיק: ראַזאַוו-סקי, אכראָן, קריין. די אידישע מוזיק-טוער זיינען די סאמע אפּגעשטא-נענע אין אידעאלאגישן זין, האט דעריבער באַזונדערס דא דער טעאטער גענומען ניט אזוי דאס, וואס זיי האבן געוואלט געבן, נאר דאס, וואס ער האט געקאנט און געמוזט נעמען. אין דער לעצטער צייט האט זיך דער טעאַטער גענומען דערציִען פאר זיך אין זיין גייסט אן אייגענעם, אזוי צו זאגן, קאמפּאזיטאר, — און די „דריי פינטעלעך" באַווייזן, אז ל. מ. פולווער כאפּט אלץ מער און מער דעם שניט פונם טעאטער. אזוי ארום איז דעם טעאטער געלונגען צו ווארפן אין די מאסן גאנצע אוצרעס קינסטלעריש באארבעטן מוזיקאלן פאלקלאר, א פולווערטן פאר זיך אליין און באזונדערס אלס באדן פאר מאדערנער מאסן-שאפונג.

אונזער איצטיקע ליטעראטור איז אידעאלאגיש אויסגעהאלטענער און בוילעטער, ווי אלע אונזערע קונסטגעביטן אונזערע, אבער אדאנק דעם, וואס זי האט איר גאַנץ לעבן פאַרבראַכט בלויז אין די נאַציאנאלע דאלעדאמעס, איז איר נאך שווער נאכצויאָגן דעם רעוואָלוציאָנערן טעמפּ פונם קאמער-טעאַטער. דעריבער האט זיך דעם טעאַטער איינגעגעבן נאר שעפּן פון איר שטייגער-שטאף פון לייכטן זשאנר, און אין דעם געביט זיינען אינטערעסאנט באזונדערס די זשאנר-לידלעך פון י. דאברושין.

דערפאר האט אבער אונזער קלאַסישע ליטעראַטור געהאט א גוואל-דיקע פולע פונם טעאַטער. דער טעאַטער האט אַזוי ווי ארגאניש געפילט, אז ער מוז פריער קינסטלעריש בייקומען די ארגאַניש-קליינבירגערלעכע מאטיוון פון אונזער ליטעראַטור, איידער ער וועט מיט פולן גאנג זיך

לאזן אף אוניווערסאַלע שאַפונגען. אין וואס באַשטייט דער צענטראַלער שליאַך פון אונזער קלאַסישער ליטעראַטור? אין באַאַרבעטן און איבער-דיכטן די מאטיוון פונם אידישן דאָן-קיכאט און לופטמענטש. ביניאמין האשלישי, מענאכעם מענדל, בערל כאקרען, בייגעש רובינשטיין, — אַ גאַנצע גאלעריי טיפּן פון לופטמענטשן און דאָן-קיכאטן, צו וועלכע אונזערע שרייבער קערן זיך אום אין אומענדלעכע וואַריאַציעס. זיי זיינען אָבער נאָר געלייענט געוואָרן און אַפילו דורך דער קריטיק ניט אַנטפּלעקט געוואָרן אַזוי, אַז מע זאָל זיך קאָנען פון זיי באַפרייען. דער טעאַטער האָט אַנטפּלעקט זייער קינסטלערישע שיינקייט, אָבער גלייכ-צייטיק דערמיט אַנטבלויזט זייער סאָציאַל-קולטורעלע אָפּגעלעבטקייט און פאַרמישפּעטקייט. מענאַכעם מענדל יאַקנעהאז, רעב אַלטער, האָצ-מאַך, סאָלאָווייטשיק—דאָס זיינען אַלץ פיגורן פונם אידיש-קליינבירגער-לעכן אוילאם-האטויע, ליבלינגען פון אונזער קלאַסישער ליטעראטור. אין דער מיניאטיור „געט" האָט דער טעאטער ווי אויסגעפּירט איבער זיי זיין שטרענגען פסאַקדין. שימעלע סאָראָקער לויט דער אינטער-פּרעטאַציע פונם טעאַטער איז שוין אַ באַמערקבאַרער איבערגאַנג צו אַ נייעם טיפּ, אָבער אויך אַ געקאנסנטער דורכן טעאַטער. און דער צו-גאַנג פונם טעאטער צו דידאַזיקע דוירעסדיקע טיפּן פון אונזער קלאַסי-שער ליטעראַטור שטעלט האַרט און בוילעט פאַר אונזער נייער ליטע-ראַטור די שאַרפע פּראָבלעם פון דיכטן פיגורן און מאָטיוון פון אונזער מאָדערנער עפּאָכע. און דאָס איז אויך איינע פון די גרויסע פארדינסטן פונם טעאטער.

שוין אָפּגערעדט פון דער פּאָליטישער באדייטונג און דערגריי-כונגען פונם אידישן קאמער-טעאטער. ער איז איינער פון די סאמע בוילעטע באווייזן אַף דער גראנדיעזער שאפונגס-ענערגיע פון דער אָקטיאבר-רעוואָלוציע. נאָר זי האָט געקאָנט ווי דורך א צויבער עפענען די געוועזט פארשטאָפּטע קונסטקוואלן פון די אידישע מאסן און ארויס-ברענגען אַף דער ליכטיקער וועלט אַזוי פיל עסטעטישן געמיט. דער טעאטער איז די בעסטע אילוסטראציע צום שעפערישן וועזן פונם קאָ-מוניזם אין דער אידישער סוויווע. בלויז „יעווסעקן" האָבן דעם טעאטער

אָפּגעשאצט פון דער ערשטער מינוט אָן, און בלויז מיט „יעווסעקן" האָט דער טעאטער געקאָנט און געוואָלט אַרבעטן פון זיין ערשטער מינוט אָן און ביז איצט. ער איז איינער פון די בעסטע באווייזן אף דעם גרויסן ווערט פון דער „אידישער אַרבעט", איבער וועלכן עס פארגיסן אזוי פיל גודנע טרערן די היימישע אויך-מיר „סאָציאַלאגן" ווי פארשיי־דענע כמורנעס אין ווארשעווער „פאָלקסצייטונג".

און טאקע דערפאר האָט זיך דער טעאטער אזוי פעסט פארבונדן מיט די אַרבעטער, דערפאר ברידערט ער זיך אלץ מער מיט דער רויטער ארמיי—און דערפאר טאקע באגעגנט ער אזוי פיל שונד-סינע אינם אמעריקאנישן „פאָרווערטס".

פרוכטבארע פינף יאָר פון א וואונדערשיינער אָקטיאבער-שאפונג!

זייט

## דער טעאַטער אַלס אזעלכער



## פאָרשטעלונגען



## קליינקונסט - פארשטעלונגען



## דער טעאטער אף די ערטער



## סאכאקלען

